חיים ליבערמאַן

# דער רבי און דער שטן

## סאַטמאַר און די נטורי קרתא אין זייער מלחמה אויף מדינת ישראל

אַרויסגעגעבן פון
קאָמיטעט פאַר ישראל
ניו יאָרק, תשי"ט—1959

נייע פאַרגרעסערטע אויפלאַגע

ISBN: ISBN:0-657-14516-5
Barcode/EAN: 9780657145163

חיים ליבערמאַן

# דער רבי און דער שטן

סאַטמאַר און די נטורי קרתא אין זייער
מלחמה אויף מדינת ישראל

אַרויסגעגעבן פון
קאָמיטעט פאַר ישראל
ניו יאָרק, תשי"ט—1959

פרייז 1 דאָלער נייע פאַרגרעסערטע אויפלאַגע

למען ציון לא אחשה ולמען ירושלים לא אשקוט.
(ישעיה סב, א)

פון וועגן ציון וועל איך ניט שווייגן און פון וועגן ירושלים וועל איך ניט שטילן...

# דעם רבי'נס טיש

מדינת ישראל האָט אַ סך שונאים אין דער וועלט. דאָס דאַרף קיינעם ניט שרעקן און קיינעם ניט וואונדערן. ס'איז אַ טייל פון חבלי משיח. אַזוי ווי עס איז נאָך אין לאַנגן פאַרצייטן געזאָגט געוואָרן: דריי טייערע מתנות האָט דער אויבערשטער געגעבן די אידן, און אַלע נאָר דורך יסורים. איינע פון זיי איז ארץ ישראל.

צווישן די ערשטע שונאים אויבנאָן זיצן די נטורי קרתא אין ירושלים. בראש פון זיי זיצט דער סאַטמאַרער רבי מיט זיינע חסידים און פּראַוועט טיש אין וויליאַמסבורג, אַריבערן טייך פון ניו יאָרק. די צוויי מחנות אין ביידע עקן וועלט זיינען איין מחנה, וואָס פירט אָהן אויפהער מלחמה געגן דעם גרויסן נס מן השמים און וואונדער אויף דער ערד, די אידישע מדינה. בלויז מיט זייער וואָפן אונטערשיידן זיי זיך פון אַלע אַנדערע שונאים. זייער וואָפן איז די תורה.

מיט חוצפה און גאווה האָבן זיי גענומען די תורה אין געפאַנגנשאַפט, און זיי טראָגן זי מיט דרייסטקייט, כדי מיט איר אונטערצוצינדן די אידישע מדינה און פאַרברענען, חלילה, דאָס אידישע הויז. און מיט זייער טעראָר האָבן זיי אָפּגעשראָקן גאונים און חכמים, רבנים און לומדים, פון צוקומען צום אָרט פון דער שריפה און לעשן דאָס פייער.

נאָר אָט פּלוצלינג, גאַנץ אומגעריכט, פון אַ זייטיגן, שטילן ווינקל, האָט זיך אויסגעשטרעקט אַ האַנט און עס האָט זיך דערהערט אַ קלאַפּ אין רבי'נס טיש, אַזש דער טיש איז זיך צעפלויגן אין שפּענדלעך! דעם רבי'נס טיש, אויף וועלכן עס זיינען געפּראַוועט געוואָרן סעודות פון שנאה צו מדינת ישראל און חרפה פאַר כלל ישראל. אַ טיש, אויף וועלכן מ'האָט געגעסן מזבחי מתים ר״ל.

קום איך און כאַפּ דאָ אונטער דעם רעש פון דעם קלאַפּ, כדי אים צו צעטראָגן ווייטער און וואָס ווייטער, איבער דער גאַנצער אידישער וועלט, ווייל ס'איז אַ מצוה אונטערצוהאַלטן משה'ס הענט ווען ער פירט מלחמה געגן די שונאים פון פאָלק.

ווער איז דער גרויסער גיבור פון דעם מעכטיגן קלאַפּ?

אויפ׳ן קוק — אַ קליין, אַלט, שוואַך אידעלע, נאָר די שכינה קומט רוען אויף זיין פּנים אַלע טאָג: אַ חלוש, וואו דער גוף האַלט קוים אין די נשמה אויפ׳ן שפּיץ סימבאָל פון אַ כשר׳ען פּאָדים. נאָר דאָס האַרץ איז אַן אָרון קודש, און אין אָרון קודש איז אַ ספר תורה, אייביג אויפגעמישט ביים „ואהבת לרעך כמוך", האָב ליב דיין מיטמענשן ווי זיך אַליין . . . ווי „זיך אַליין"? ניין, ער איז ניט אינגאַנצן מקיים ווי ס׳איז געשריבן: ער נעמט אַראָפּ פון זיך און לייגט צו צו יענעם . . .

ער איז דער צדיק הדור. צוויי זיינען זיי געווען אין אונזער דור, דער חפץ חיים זצ"ל און, יבדל לחיים, ער. דער חפץ חיים איז ניטאָ, און דער דור האַלט זיך אויף אים אַליין.

די רייד גייט דאָ וועגן גאון און צדיק, הרב יוסף אליהו הענקין. הרב הענקין איז אַ גאון עולם. ער פּסק׳ענט שאלות פאַר רבנים, און זיין פּסק איז הלכה. נאָר ער לעבט ניט פון רבנות. ער ציט זיין חיונה אַלס מנהל פון „עזרת תורה", דעם פאָנד וואָס שפּייזט אָרימע תלמידי חכמים איבער דער גאָרער וועלט. אָפט איז הרב הענקין אַליין אָרימער פון די וואָס דערהאַלטן שטיצע דורך זיין האַנט. ער ציט נאָך היינט די אייגענע שכירות וואָס עטליכע צענדליק יאָר צוריק, און אַז מ׳וויל אים געבן אַ הוספה, סטראַשעט ער אַוועקצואוואַרפן דעם אַמט.

נאָר אים איז די דאָזיגע צידקות הפּנים נאָך ווייניג. וואָרים עס טרעפט אַז די קאָסע פון „עזרת תורה" איז אויסגעשעפּט — און דאָס טרעפט גאַנץ אָפּט — און עס קלעקט ניט פאַר אַלע נויטבאַדערפטיגע פון דער שעה לויט זייערע הצטרכות׳ן, דעמאָלט נעמט זיך הרב הענקין צו זיין אייגענער „קאָסע": ער קלייבט אויס דעם גרעסטן נצרך אויף זיין ליסטע, דערקלייבט זיך צו יענעם אַהיים און לייגט אים אַוועק אויפ׳ן טיש פון זיין אייגענער קעשענע, פון זיינע אייגענע אָרימע שכירות. . . .

און אַז דער גאון וצדיק האָט דערלעבט ארויסצוגעבן אַ ספר, דעם „פּירושי לב איברא" (תשי"ז), האָט ער די גאַנצע הכנסה מנדב געווען פאַר „עזרת תורה".

אַזאַ איז הרב יוסף אליהו הענקין.

צוויי מינים צדיקים זיינען דאָ אויף דער וועלט, שרייבט הרב הענקין אין זיין ספר „לב איברא" (ז. 91). איין מין איז דער וואָס איז באַוואוסט צום פאָלק, ער פירט זיי, ער לערנט זיי, ער פאַרבינדט דאָס גאַנצע פאָלק ווי אַמאָל דער בית המקדש; דער צווייטער מין — דאָס איז דער פאַרבאָרגענער צדיק, ווי אַ שטייגער די ל"ו׳ניקעס. דערדאָזיגער מין צדיק — שרייבט הרב הענקין — וואַרפט זיך ניט אויפ׳ן ציבור, און אַז ער דאַרף ענטפערן אויף אַ פראַגע האַלט ער זיך ניט ראוי צו

זיין אַ מנהיג, און ער איז אויסגעזעצט נאָר צו די וואָס קוקן אַריין צו אים דורך די שפּאַרונעס, ווייל זיי ווייסן אַביסל פון זיין גרויסקייט. . . .

אַזוי מאָלט אָפּ הרב הענקין די צוויי מינים צדיקים, און ער ווייסט ניט אַז ער אַליין — ער איז ביידע מינים אינאיינעם. . . .

צום ליבסטן איז אים צו גיין פאַרבאָרגן, מיט אַ זייטיגן שטעגעלע, וואו דער קהל גייט ניט, אָדער צו זיצן ביי זיין הייליגער אַרבעט פון „עזרת תורה", און, פאַרשטייט זיך, איבער דער תורה אַליין. אָבער אַז מ'דאַרף, ווען די שעה פאָדערט עס, טרעט ער אַרויס מיט כח און גבורה און דערקענט זיך צום פאָלק און לאָזט הערן זיין קול.

אָט אַזוי ווי אין איצטיגן פאַל, מיט'ן קלאַפּ, וואָס האָט צעזעצט דעם רבי'נס טיש.

וויפיל אידן, למשל, רבנים און חכמים, פּרנסים און מנהיגים, אין ארץ און אין חוץ לארץ, האָבן געלייענט „חומתנו", דעם זשורנאַל פון די נטורי קרתא, וואָס גייט אַרויס אין ירושלים און פאַרבינדט ירושלים מיט וויליאַמסבורג, דעם נומער פון ה' חשון, פון דעם יאָר תשי"ט? אַוודאי הונדערטער, אויב ניט טויזנטער. אַלע האָבן זיי עס געלייענט, נאָר פון קיינעם קיין פּיפּס, קיין הויך.

נאָר אָט איז דעררדאָזיגער נומער „חומתנו" געקומען אין די הענט פון הרב יוסף אליהו הענקין, און ער האָט געלייענט און ער איז „אויפ־געציטערט געוואָרן". . . .

אָט דער אַלטער, גרייז־גרויער, שוואַכער זקן, וואָס האַלט זיך אויף דער וועלט נאָר ווי אַ בלעטעלע אויף אַ צווייגעלע אין ווינטער, ער איז אַרויס אָנגעגורט ווי אַ גיבור און מיט אַ יונגן געשריי האָט ער אויס־געדופן:

„כ'בין אויפגעציטערט געוואָרן ווען איך האָב געלייענט אין ,חומתנו' פון ה' חשון תשי"ט". (זע: „די אידישע וואָך", יאַנואַר 9, 1959).

וואָס אַזוינס האָט דער צדיק, אָט די שטילע טויב, דער אייביגער רודף אחרי השלום, דאָרט דערזען וואָס האָט אים אַזוי דערציטערט און דערצאָרנט?

ער רופט עס אָן „דברי בלע", רייד פון בייז און פאַרדאַרבונג. אַזעלכע דברי בלע — שרייבט ער, ווי:

„מ'דאַרף זיך מוסר נפש זיין אויף נ י ש ט צו העלפן מדינת ישראל געגן די וואָס שטייען אויף אויף איר, זי אומצוברענגען" . . .

ווירקליך דברי בלע און לשון מרמה! יע, ס'איז דאָ פון וואָס אויפ־געציטערט צו ווערן אַפילו ווען איר נעמט די ווערטער פשוט ווי זיי

שטייען. אָבער ווען איר הויבט זיי אָן פאַנאַנדערנעמען, דאַן ברענט איר גאָר אויף אין אַ העלישן פייער....

דער פשוט׳ער פשט איז פשוט: ווען עס קומט אַ שונא און וויל אומברענגען מדינת ישראל, נעמט דער נטורי קרתא׳ניק אויף זיך באַצייטנס, ניט צו העלפן דער מדינה געגען דעם שונא. קלאָר.

אָבער גיט נאָר אַ גוטן קלער ווייטער: וואָס מיינט אייגנטלעך: „אומ־ברענגען מדינת ישראל״? די מדינה איז דאָך ניט סתם קיין מעטאַ־פיזישער באַגריף. די מדינה באַשטייט דאָך פון מענשן, שטעט, דערפער, פי, הייזער, שולן, בתי מדרשים, ישיבות. די מענשן ציילן היינט ב״ה צוויי מיליאָן אידן: מענער, ווייבער, קינדער, אַלטע לייט. ווען מיר שוין ניט ריידן פון דעם פאַרמעגן, מיר וועלן נאָר ריידן פון צוויי מיליאָן אידן, כן ירבו.

די מדינה איז ניט קיין מעטאַפיזישער באַגריף, און דער שונא וואָס וויל זי אומברענגען איז אויך ניט קיין מעטאַפיזישער באַגריף; ער איז דאָ, ער איז אַ קאָנקרעטע זאַך. ער איז דער מצרישער נאַסער און זיינע פאַרבינדעטע.

נון, אויב נאַסער זאָל קומען און נעמען, חלילה, אומברענגען די אידישע מדינה, קומט שוין היינט, באַצייטנס, דער נטורי קרתא׳ניק פון ירושלים און סאַטמאַר און דערקלערט, אַז ער וועט שטיין און גלייכ־גילטיג צוקוקן ווי מ׳ברענגט אום צוויי מיליאָן אידישע נפשות, ווי מ׳טרייבט אַ מדינה מיט אידן אין ים אַריין און מ׳דערטרינקט זיי, און גאָרניט, ער וועט ניט ראַטעווען, ער וועט דעם שונא ניט שטערן....

ווער־זשע רעדט עס אַזעלכע רייד: אידן? איר דערקענט נאָך „אידן״ אין אַזעלכע דיבורים?

און וואָס איז מכח דעם הייליגן געבאָט פון „לא תעמוד על דם רעך״, זאָלסט ניט שטיין גלייכגילטיג ווען דיין חבר׳ס בלוט ווערט פאַרגאָסן? „לא תעמוד על דם רעך״ איז טאַקע דער נאָמען פון הרב הענקינ׳ס מעכטיגן אַרויסטריט און שאַרפער מאָנונג.

מיר קוקן אַביסל ווייטער אַריין אין די ווערטער פון „חומתנו״, און מיר געפינען אַז דאָרט רעדט זיך ניט פון גלייכגילטיג צוקוקן און ניט העלפן. דאָרט שטייט, אַז „מ׳דאַרף זיך ,מוסר נפש זיין׳ ניט צו העלפן״. דאָס קען מיינען איינס פון דיביידע: אויב די מדינה זאָל צווינגען גיין געגן דעם שונא, דעמאָלט איז אַפילו באַצאָלן מיט׳ן לעבן און ניט גיין. אָדער עס קען מיינען דעם „פּאָזיטיוו״ פון דעם „נעגאַטיוו״: אַקטיוו העלפן דעם שונא. . . .

וועט מען גאָרניט דאַרפן זיין איבערראַשט פון אַזאַ אַנטוויקלונג, ווען זי זאָל קומען. ווארים דאָס אייגנטלעך טוען זיי דאָך שוין איצט, שוין לאַנג, אַלע טאָג פון אַ גאַנץ יאָר.

דאָס איז אונזער פירוש אויף די רייד אין „חומתנו" (אונזער מויער). מיר גייען צוריק צו הרב הענקין.

אַ צווייטע זאַך וואָס האָט אָנגעצונדן דעם צאָרן פון דעם גאון איז דאָס וואָס די לייט פון „חומתנו" ווילן באַרעכטיגן זייער פאַררעטערישע שטעלונג צו מדינת ישראל מן התורה. און הרב הענקין שרייבט ווייטער:

„און זיי פסק'ענען דעם דין על פי התורה הקדושה אויפ'ן סמך פון דעם וואָס די חז"ל האָבן געּאסר'ט מורד צו זיין אין די אומות".

דאָ פאָדערט זיך אפשר אַביסל אויפקלערונג פאַר מאַנכע לעזער: די גמרא זאָגט, אַז ווען אידן זיינען פאַרטריבן געוואָרן אין גלות, האָט זיי דער אויבערשטער באַשוואָרן מיט דריי שבועות, און די אומות העולם מיט איין שבועה. די דריי שבועות זיינען: זיי זאָלן ניט מורד זיין, ניט אויפשטיין אין קיין רעוואָלט, געגן די פעלקער; זיי זאָלן „ניט שטייגן אויף דער מויער" (שלא לעלות בחומה), דאָס הייסט, ניט פרואוון גיין איינעמען ארץ ישראל מיט מאַכט; און זיי זאָלן ניט דוחק זיין דעם קץ, דאָס הייסט, ניט וועלן ברענגען משיח'ן מיט גוואַלד.

און די פעלקער זיינען באַשוואָרן געוואָרן זיי זאָלן ניט דריקן די אידן צו שטאַרק.

אָט אויפ'ן סמך פון דער שבועה ניט מורד צו זיין אין די אומות, באַזירן עס די נטורי קרתא דער עיקר זייער ביטערע געגנערשאַפט צו מדינת ישראל. ישראל, לויט זיי, איז אַ רעוואָלט געגן די פעלקער.

ובכן ליגט דאָ דער שווערפונקט און דאָ איז די גרויסע שאלה. אָבער אָפט האָבן שוין גדולי ישראל אַרויסגעזאָגט זייער דעה אין דער זאַך, און דער ענין האָט עטלעכע פאַזן.

קודם כל האָבן מיר געזען מיט די אויגן און מיר באַנעמען מיט'ן פשוט'ן פאַרשטאַנד, אַז מדינת ישראל איז ניט גענומען געוואָרן אין אַ רעוואָלט געגן די פעלקער: די פעלקער פון דער וועלט, פאַראייניגט אין דער יו־ען („יונאַיטעד ניישאָנס", פאַראייניגטע פעלקער), האָבן אָפן, ריכטיג און רעכטלעך, געשטימט פאַר אַ אידישער מדינה אין ארץ ישראל, אויסער די אַראַבער.

לאַנג פאַר דעם איז געווען אַן ערשטע פאַזע, די באַלפור־דעקלאַראַציע, און עס איז קיין שום ספק ניט, אַז די שבועה איז שוין אַראָפּגענומען געוואָרן נאָך מיט דער באַלפור־דעקלאַראַציע. דאָס איז קלאָר פון אַ מהרש"א (חידושי אגדות, כתובות קיא). דער מהרש"א רעדט דאָרט וועגן

דעם געבאָט נישט לעלות בחומה צו זיין, נישט אויפצוגיין קיין ארץ ישראל אין מאַסן און נעמען די מויער ביד חזקה. און ער פרעגט: און ווי איז געווען מיט נחמיה אין גלות בבל, וועלכער איז יע געקומען מיט מאַסן און האָט געבויט די וואַנט? און דער מהרש״א ענטפערט: דאָרט איז געווען מיט דער דערלויבניש פון קעניג כורש.

די באַלפור־דעקלאַראַציע איז אויך געווען אַזאַ קעניגלעכע דער־לויבניש.

ס'איז גראַדע ווי דער מהרש״א וואָלט גע'פסק'עט דירעקט וועגן דער באַלפור־דעקלאַראַציע.

נאָך דער באַלפור־דעקלאַראַציע איז געקומען דער ענגלישער מאַנדאַט אונטער דער פעלקער־ליג. וועגן דערדאָזיגער געשעהעניש האָט אַרויס־געזאָגט זיין דעת תורה דער דווינסקער גאון ר' מאיר שמחה הכהן ז״ל, וואָס פאַר זיין גדלות אַפילו סאַטמאַר און די נטורי קרתא בויגן זיך אין פחד. אין אַ מערקווירדיגן בריוו וואָס שטאַמט פון יאָר תרע״ט (1919), רעדט דער גאון וועגן דער חיבת ציון באַוועגונג (משה מאָנטע־פיאָר, הרב צבי הירש קאַלישער וכו') און ער שרייבט:

„אַ סך רבנים זיינען געשטאַנען פונוויטן, און אַפילו אַזעלכע וואָס האָבן אין האַרצן געוואָלט צושטיין צו דער זאַך, האָבן געשוויגן ווייל זיי האָבן מורא געהאַט פאַר די ענטהוזיאַסטן („נלהבים״) אַז זיי וועלן אַריבער־כאַפּן די מאָס, און פאַר די דריי שבועות. אָבער היינט האָט די השגחה מיטגעבראַכט און אין דער קאָנפערענץ פון די פאַרגעשריטענע מלוכות אין סאַן רעמאָ איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אַ דעקרעט („צו״) אַז ארץ ישראל זאָל זיין פאַר'ן פאָלק ישראל, איז וויבאַלד דער פחד פאַר די שבועות איז אַראָפּ („וכיון שסר פחד השבועות״) און מיט דער דער־לויבעניש פון מלכים, האָט זיך די מצוה פון ישוב ארץ ישראל . . . אומגעקערט צו איר אָרט („שבה . . . למקומה״) און יעדער איינער דאַרף מיט אַלע כחות העלפן מקיים זיין דידאָזיגע מצוה״ (זע: „אוצר הארץ״, סודר ע״י ר' בנימין, הוצ. כנסת, ירושלים תרפ״ו).

ווייטער איז דאָ די שטעלונג פון הרב הראשי יצחק אייזיק הלוי הער־צאָג. דער גאון פסק'נט אויפ'ן סמך פון רמב״ם, אַז די שבועה אויף די אידן איז בטל ומבוטל, שוין דערפאַר וואָס די אומות האָבן זייער שבועה ניט געהאַלטן: זיי האָבן שוין צו־שווער געדריקט די אידן, בפרט אין אונזער צייט מיט אונזערע זעקס מיליאָן קדושים....

אַזעלכע רייד פון אַזעלכע גדולי ישראל קענען פאַרמערט ווערן אָהן אַ צאָל, ביז מיר קומען צו צום נייסטן צווישן זיי, הרב יוסף אליהו הענקין.

גאָר אַן אַנדער צוגאַנג איז דער דרך פון הרב הענקין. ער פסק'נט:

„די חכמים האָבן אונז געוואָרנט ניט מורד צו זיין אין די אומות כל זמן מיר זיינען אונטערדריקט אונטער זיי, צוליב סכנה. אָבער נאָכדעם ווי די אידן האָבן שוין אַרונטערגעוואָרפן דעם יאָך פון די אומות, הגם זיי האָבן עובר געווען אויף דער אזהרה, דאַרף מען זיי העלפן מיט מסירת נפש".

אַ פשוט'ער און גאונ'ישער געדאַנק, אַ טיפער בליק, וואָס נעמט אָן די פּאַקטישע לאַגע און גלייכט זי אויס מיט דער הלכה.

אַלזאָ, ניט ווי דער „חומתנו" שרייבט, אַז „מ'דאַרף זיך מוסר נפש זיין אויף נ י ש ט צו העלפן מדינת ישראל", נאָר ס'איז אַ חוב על פּי דין זיך מוסר נפש צו זיין אויף יאָ צו העלפן!

פון דערדאָזיגער הנחה ציט אַרויס הרב הענקין אַ צווייטן פונדאַ־מענטאַלן געדאַנק, וואָס איז אויך גרויס אין זיין פשטות און חריפות צוגלייך.

אַצינד, מיט מדינת ישראל — שרייבט ער — איז די אידישע אומה אויך אַן אומה, און מ'טאָר געגן איר אויך ניט מורד זיין.

הרב יוסף אליהו הענקין צייכנט אָן, פאַר יעדן פרומען אידן, צוויי מאָמענטן בנוגע מדינת ישראל: „איידער" און „דערנאָך". איידער די מדינה איז דערקלערט געוואָרן האָט איינער געמעגט זיין געגן און טענה'ן געגן איר. הרב הענקין אַליין איז געווען געגן דעם געדאַנק פון דער מדינה און האָט געשריבן און אַגיטירט געגן דעם. אָבער דערנאָך, ווען זי איז שוין אויסגערופן געוואָרן, ווען זי איז שוין גע־גרינדעט, ווען זי איז שוין דאָ, איז ניט נאָר וואָס אַ איד טאָר ניט קעמפן געגן איר, נאָר ס'איז א חוב אויף יעדן איינעם איר צו העלפן, און צו העלפן מיט מסירת נפש. און ער ברענגט ראיה'ס. „אַזוי — שרייבט ער — איז אויך געווען פאַר'ן חורבן בית שני, ווען די חכמי ישראל האָבן מזהיר געווען מ'זאָל ניט פורק זיין דעם עול פון רוים. אויך דער מלך ישראל איז געווען געגן דעם מרד, און דאָך, ווען דער אויפשטאַנד איז אויסגעבראָכן און די מלחמה האָט זיך פאַרצויגן, האָבן די חכמי ישראל געהאָלפן די מורדים". ר' שמעון בן גמליאל האָט געשיקט מיליטער מלחמה צו האַלטן אויף דער זייט פון בר כוכבא.

ער ברענגט אויך אַ ראיה פון די אבות, פון יעקב אבינו אין דער מעשה שכם, וואו שמעון און לוי האָבן נקמה גענומען פאַר זייער שוועס־טער דינה און האָבן אויסגעהרג'עט אַלע זכרים אין שטאָט. זאָגן אויף דעם די חכמים: „ער (יעקב אבינו) האָט ניט געוואָלט אַז זיינע זין זאָלן טאָן די מעשה, אָבער לאחר המעשה האָט ער געזאָגט: צי קען איך דען לאָזן מיינע קינדער פאַלן אין די הענט פון די אומות? איז ער אויפגעשטאַנען און האָט אָנגעגורט זיין שווערד געגן זיי".

דעריבער וואַרפט אָפּ הרב העניקין די טענה, אַז מדינת ישראל קומט אונטער דעם באַגריף פון מרידה געגן די אומות, און ער פסק׳נט דעם דין, אַז די וואָס זאָגן אַזוי, באַגייען אַ האַרבע עבירה: זיי זיינען „מגלה פנים בתורה שלא כהלכה״, דאָס הייסט, זיי טייטשן פאַלש די תורה, זיי פאַרדרייען און פאַרקרימען דעם דין.

און אויף אַזאַ איינעם וואָס פעלשט די תורה אויף אַזאַ אופן, זאָגן די חכמים, אַז „כאָטש ער פאַרמאָגט תורה און מעשים טובים, האָט ער ניט קיין חלק לעולם הבא״.

דער גאון און צדיק גייט נאָך ווייטער און שרייבט: „אַלע רבנים וואָס זיינען געווען געגן ציונות און ייסוד המלוכה, איז עס געווען איידער די מדינה איז געשאַפן געוואָרן, אָבער נאָכדעם ווי זי איז געוואָרן אַ געשעענער פאַקט, איז דער וואָס באַמיט זיך זי איבערצוגעבן אין די הענט פון די אומות העולם, אַפילו ווען ס׳איז אין דעם קיין סכנה ניטאָ, הייסט ער אַ מוסר גמור און אַ רודף פון כלל ישראל. און כל שכן לויט דעם היינטיגן מצב ווען ס׳שמעקט ממש מיט אַ סכנת כליה״.

„איבערצוגעבן אין די הענט פון די אומות העולם״ — די דאָזיגע ווערטער פון דעם גרויסן גאון דאַרפן גאַנץ באַזונדער באַטאָנט און אָפּגעשאַצט ווערן. זיי זיינען געזאָגט ניט אומזיסט און ניט אָן טיפער באַטראַכטונג. אין די דאָזיגע ווערטער ליגט באַהאַלטן די עיקר כוונה פון די נטורי קרתא. דער איינדרוק אין דער וועלט בכלל איז, אַז די דאָזיגע לייט, אין ירושלים און וויליאַמסבורג, קעמפן נאָר פאַר מער אידישקייט אין דער מדינה, מער פרומקייט. אָבער דאָס איז אַ טעות: זיי קעמפן געגן דער עצם מדינה. ווען בן־גוריון זאָל מאָרגן אָנטאָן אַ שטריימל און גאַרטל, וואָלט עס די נטורי קרתא ניט באַפרידיגט און ניט באַרוהיגט. ביי זיי איז די מדינה גופא אַ מרידה געגן אידישקייט, געגן גאָט, און זייער אמת׳ער שטרעבן איז — די מדינה זאָל אומגעקערט ווערן צו דער יו־ען, און דורך דער יו־ען צו די אַראַבער. דאָס ווערט הילכיג פראָקלאַמירט אין די צירקולאַרן וואָס די סאַטמאַר־וויליאַמסבורגער נטורי קרתא האָבן געשפרייט אין די גאַסן פון ניו יאָרק און וואַשינגטאָן אין יענע טעג, ווען זיי האָבן געפּראַוועט דעמאָנ־סטראַציעס אין אַמעריקע.

דאָס איז זייער פּאָזיטיווער פּראָגראַם בנוגע מדינת ישראל.

ווען מ׳באַגרייפט דאָס, פאַרשטייט מען פאַרוואָס דער גאון נוצט דאָ געגן זיי די שרעקלעכע נעמען „מוסר גמור״ און „רודף פון כלל ישראל״.

נאָר אַפילו דערביי בלייבט נאָך דער צדיק ניט שטיין. ער שרייבט ווייטער און זאָגט:

„די עבירה זייערע איז א תוצאה פון אַן אַנדער עבירה, וואָס זיי זיינען דן אַלע ציונים, מזרחים, אגודה׳ניקעס און רבנים פאַר כופרים און אַפּיקורסים“.

דאָ האָט הרב הענקין זיי דערלאַנגט מיט אַ פינגער גלייך אין אויג אַריין. ער האָט דאָ אָנגערירט דעם עיקר העיקרים פון זייער שיטה. לויט זייער שיטה טיילט זיך דאָס אידישע פאָלק אויף צוויי טייל: איין טייל זיינען די סאַטמאַרער, דער אַנדערער טייל זיינען — רשעים. די פרימסטע און ערלעכסטע אידן, רבנים און גדולי תורה זיינען זיי מבזה און פאַרשרייען זיי פאַר ג־ט־לעסטערער און אַפּיקורסים, און פאַר זיך נעמען זיי דעם גאַנצן מאָנאָפּאָל אויף אידישקייט. זיי באַשאַפן אַרום זיך די לעגענדע, אַז נאָר זיי אַליין זיינען נאָך געבליבן די אמת׳ע אידן.

קומט הרב הענקין און מיט איין שטריך פון זיין כשר׳ער פעדער מעקט ער אָפּ זייער גאַנצע גאָטספאָרכטיגע גאווה און איז מבטל זייער תביעה אויף תורה־מאָנאָפּאָל, ווען ער דערמאָנט זיי, אַז „די חז״ל האָבן שוין אָבער געזאָגט: ווער איז אַן אַפּיקורס, דער וואָס איז מבזה תלמידי חכמים“....

און וואָס זיי טענה׳ן אַז זיי זיינען זיך מוסר נפש קעמפנדיג פאַר דת, באַגעגנט הרב הענקין די טענה מיט אמת און שפּאָט. „דעם כלל זאָלט איר וויסן — שרייבט ער — אַז די מסירת נפש פון אַ רודף איז קיין מסירת נפש ניט“. געבענטשטע רייד! זיי זיינען זיך מוסר נפש צו פאַרניכטן די מדינה, אויסצוליפערן צוויי מיליאָן אידישע נפשות צו די אַראַבער, און גיט זיי נאָך גן עדן דערפאַר!

„אמת, זיי טוען אָן אַ שעפּסענע פעל — שרייבט הרב הענקין ווייטער — און טענה׳ן אַז זיי זיינען די נרדפים“ . . . אָבער „רדיפה מיט רייד איז אַמאָל ערגער ווי מיט אַ שווערד. . . צו שרייבן, אַז דער וואָס העלפט די מדינה איז אַ רודף, איז דאָס אַליין אַ רדיפה פון שרעקלעכסטן סאָרט . . . אַפילו די רדיפות געגן דת מצד דער פרייער רעגירונג איז טייל־וויז זייער שולד“, דערקלערט דער צדיק הדור.

הרב הענקין, אין זיין היסטאָרישן אַרויסטריט, באַגנוגנט זיך ניט מיט אויפדעקן די פרומע גזלנות אונטער דער שעפּסענער פעל. ער צייכנט אויך אָן אַ פּאָזיטיוון וועג פאַר׳ן ערליכן איד צו דער מדינה. „די מדינה — שרייבט ער — איז ניט געגעבן געוואָרן צו די חפשים, נאָר צום כלל ישראל. די פרייע ממשלה איז אַ צייטווייליגע דערשיי־נונג . . . די עולים דאַרפן אַוודאי זייך פאָרזיכטיג ניט אַריינצופאַלן צו די חפשים און אָהן אַ גאַראַנטיע, אַז זיי וועלן קענען אָפּהיטן די תורה הקדושה. מיר קענען ניט געווינען געגן שטאַרקערע פון אונז מיט חירופים וגידופים, מ׳מאַכט מיט דעם נאָר קאַליע. אָבער מ׳דאַרף

אַריינדרינגען אין דער כנסת און אין דער רעגירונג צו ראַטעווען וואָס ס׳לאָזט זיך פאַר חיזוק התורה און לומדי תורה, און אַזוי ווי די וואַלן זיינען נאָענט, איז די לאָגישסטע זאַך צו מאַכן אַ חזית דתית (רעליגיעזן פראָנט)״.

נון, האָבן מיר געזען, אַז הרב הענקין באַצייכנט די פרומע שונאים פון דער מדינה ווי „פעלשער פון דער תורה״, אַפּיקורסים, מוסרים און רודפים פון כלל ישראל: מורא׳דיגע רייד פון אַזאַ כשר׳ן מויל!

די וואָס קענען הרב הענקין פון דער נאָענט און ווייסן זיין ענוות, זיין צניעות, זיין פרידלעכקייט פון אַ טויב, זיין ריינקייט פון אַ קינד וואָס האָט ניט פאַרזוכט דעם טעם פון זינד, וועלן זיך חידוש׳ן: פון־וואַנען פלוצלינג ביי אים אַזאַ צאָרן, אַזאַ כח אויף צאָרן, אַזאַ געשריי פון אַ לייב?

די לעסטערונגען זיינען שוין צו גרויס געוועז! „דער וואָס הערט די לעסטערונגען פון ,חומתנו׳ — שרייבט ער — און שווייגט, בין איך חושש, אַז ער וועט נתפס ווערן פאַר זייערע רייד״.

אוןווירקליך, איר בלעטערט די שריפט און גלייך מיט דעם גרויסן גאון ווערט איר אויפגעשוידערט: פון אונזער גוטער אידישקייט, ווי איז עס מעגלעך צו ציען אַזאַ רשעות? פון אַזאַ גראדער תורה, ווי אַזוי זיינען עס אַרויס אַזעלכע קרומע קעפּ?

אָט זיינען טיפּישע אויסדריקן פון גיפטיגער צונג און אויסגוסן פון טריפ׳ענער גאַל אין זייער שריפט, איבערגעזעצט אין אידיש:

„די פאַרשאָלטענע ציוניסטישע מדינה״; „די מדינה פון גיהנום״; „די טומאה פון פאַרפלוכטן ציוניזם״; „די מדינה איז אַ מערדערישע״ (דווקא אין אידיש); העברעאיש איז די „טמא׳דיגע ציוניסטישע שפּראַך״; דער חינוך עצמאי איז „פסול און טמא״.

די פירער פון דער מדינה זיינען „אומבאַרופענע באַנדיטן״; זיי „האָבן איבערגעשטיגן מיט זייערע רשעות און נידערטרעכטיגער פירונג די אַלע גוים וואָס האָבן זיך געפונען דאָ״; „די טערקן מיט זייער אַראַבישן טיפּ זיינען אויך געווען בעסער ווי די ציוניסטן״ („חומתנו״, ויקרא, תשי״ז).

און ווייטער: די פאָן פון ישראל איז דער „סימבאָל פון דער ציוניס־טישער עבודה זרה״. דער יום העצמאות, ה׳ אדר, איז „דער ביטערער טאָג״.

און אָט קוקן מיר אַריין אין זייער מענטאַליטעט דורך אַן עפּיזאָד מיט געבן בלוט. ומעשה שהיה כך היה:

אין דער צייט פון דער מלחמה אין מדבר סיני, אין דער אַזוי־גערופענער סיני־אַקציע, האָט מען געגעבן בלוט פאַר דער אַרמיי.

האָבן ישיבה בחורים, גלייך מיט אַנדערע, געגעבן בלוט. „חומתנו" האָט געמוסרט די ישיבה בחורים פאַר אַזאַ שריט און עס אָנגערופן אַ „גרויסע עוולה". און די שריפט האָט באַגרינדעט איר שטעלונג מיט אַ שטיק „פּלפּול" וואָס איז געגאַנגען אַן ערך אַזוי:

געבן בלוט פאַר זעלנער אין דער מלחמה איז גלייך ווי זיין אַליין אַ זעלנער אין דער מלחמה. די מלחמה געגן נאַסער׳ן איז געווען אין דער בחינה פון מרידה געגן די אומות, וואָס איז פאַרבאָטן פון ג־ט. דעריבער איז די מלחמה געגן נאַסער׳ן געווען אין אמת׳ן אַ מלחמה געגן ג־ט. אַ מלחמה געגן ג־ט איז חילול השם. און פאַר חילול השם דאַרף אַ איד זיך בעסער לאָזן הרג׳ענען איידער עובר זיין. דעריבער האָבן די ישיבה בחורים גיכער געדאַרפט זיך לאָזן הרג׳ענען איידער געבן בלוט פאַר דער אידישער אַרמיי" („חומתנו", כ"ז אָדר, תשי"ז).

לייענט איר עס און איר ווערט אַן אויפגעציטערטער, און איר נעמט זיך רייסן די האָר פון קאָפּ און שרייען גוואַלד: גרויסער ג־ט! אָט דאָס איז דיין עם חכם ונבון? אויף אָט אַזאַ פּורים־תורה שטעלט מען אַוועק דאָס לעבן פון דיין פאָלק, דעם קיום פון דיין לאַנד?

אָבער איר באַדאַכט זיך און איר טרייסט זיך, ניט דאָס איז דאָס פאָלק און ניט דאָס איז זיין זין. ניט אומזיסט פילען זיך דידאָזיגע לייט ווי פרעמדע אין פאָלק, ווי אַ כת, און זיי ווילן זיך אָפּשיידן. דער ענטפער אויף זיי, דער שליח געגן זיי, איז אַ איד, אַ גאון און צדיק, ווי הרב יוסף אליהו הענקין.

נון, האָבן מיר צוויי צווישן אונז, אַ רב און אַ רבי׳ן. הרב יוסף אליהו הענקין און האדמו"ר יואל טייטלבוים. איינער זאָגט יע אויף מדינת ישראל, דער אַנדערער זאָגט ניין. און ביידע לערנען פון דער זעלבער תורה אַרויס, וואָרים די תורה איז איינע. ווי אַזוי זשע שיקט זיך עס?

נאָר מיר האָבן געלערנט, אַז די תורה וואָס איז איינע קאָן זיין אַ „סם חיים" און, חלילה, אַ „סם מות", אַן עליקסיר פון לעבן אָדער אַ גיפט פון טויט. אַזוי לערנען אונז די חז"ל, און דער ווילנער גאון האָט עס דערקלערט מיט אַ משל:

די תורה איז געגליכן צו רעגן. דער רעגן פאַלט אויף דער ערד און מאַכט וואַקסן וואָס ס׳איז פאַרפלאַנצט געוואָרן אין איר: אַ גוטע, נערנדיגע לעבנס־פלאַנץ, אָדער אַ גיפטיגע פלאַנץ פון טויט. אַזוי איז אויך די תורה. זי מאַכט וואַקסן וואָס ס׳איז ביים מענשן אין האַרצן. אויב דאָס האַרץ איז גוט, וואַקסט ליבשאַפט און גוטסקייט; אויב דאָס האַרץ איז שלעכט, וואַקסט שנאה און בייז....

# א אידיש קינד האָט געוויינט

אין איין עק לאַנד האָט זיך דערהערט אַ קלאַפּ אין טיש; אין אַנדערן עק לאַנד האָט זיך דערהערט אַ ביטער געוויין.

אַלע יאָרן וואָס דער רבי איז געזעסן אין אַמעריקע האָט ער געשימפּט און געבונטעוועט אויף דער מדינה און געגן איר. מיט דרשות, מיט אסיפות, מיט דעמאָנסטראַציעס און פּראָקלאַמאַציעס. נאָר באַזונדערס טעטיג איז ער מיט זיין חברותא געוואָרן אין יאָר 1957־8. זיי האָבן דעמאָלט אַנטוויקלט אַ נייע טאַקטיק, וואָס האָט זיך שוין מער ניט אָריענטירט אויפ׳ן אידישן דעת הקהל, אָדער דער עיקר אויפ׳ן אידישן דעת הקהל, נאָר איז געצילט געוואָרן איינצונעמען די גויאישע עפנטלעכע מיינונג. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ סדרה מיט דעמאָנסטראַציעס אין די גאַסן פון די גרויסע שטעט, מיט פּיקעטן פּראָ־ישראל פאַרזאַמלונגען, מיט טיילן „ליטעראַטור" אין די גאַסן און סאָבווייען, מיט פאַראַדירן פּלאַקאַטן מיט בלוט־פאַרגליווערנדיגע אויפשריפטן אויף זיי, מיט רעש און געפילדער און אפילו טענץ אין די גאַסן. דער הויכ־פּונקט איז דערגרייכט געוואָרן ווען זיי האָבן אָנגעהויבן דרוקן גרויסע, קאָסטבאַרע אַנאָנסן אין די ענגלישע צייטונגען און זיינען געפאָרן מיט אַ דעמאָנסטראַציע קיין וואַשינגטאָן, פאַר די פענסטער פון ווייסן הויז.

אין די אַנאָנסן האָבן זיי אויסגעשטעלט די מדינה צו שאַנד און צו שפּאָט, מיט בלבולים פון רעליגיעזע רדיפות, פון פאַרשווועכן רעליגיעזע און נאַציאָנאַלע הייליגטימער, מיט קלאַגעס אויף אַכזריות׳ן מצד דער פּאָליציי, וועלכע זיי האָבן פאַרגליכן מיט די נאַציס י״ש, און מיט וואַרפן שאָטן אויף דער ערע פון די אידישע טעכטער, וואָס דינען אין צה״ל, די אַרמיי פון ישראל.

די אַטמאָספער איז געוואָרן שטיקיג, נישט צו דערטראָגן. פריינט פון ישראל זיינען געוועזן דערדריקט, פאַרשעמט. די אנטי־ישראל שטימונג איז געוואָרן געדיכט, מיט מעסערס צו שניידן. אַ געפיל פון דעפּיטיזם האָט זיך געמערקט וואו נאָר מ׳איז געגאַנגען און געשטאַנען.

די שטימונג פון יענער צייט ווערט ריכטיג אָפּגעשפּיגלט אין פאָלגנדען בריוו, וואָס איז אָנגעקומען אין רעדאַקציע פון „פאָרווערטס":

גערטער „פאָרווערטס",

איך בין אַן איבערגעגעבענע לעזערין פון אַייער טייערער צייטונג און איך האָב גרויס הנאה פון איר. איך בעט אַייך, אַנטשולדיגט מיר

וואָס איך שרייב אייך אין ענגליש, צו אייך וואָלט איך ליבערשט געשריבן אין אידיש, אָבער איך האָב מורא ס'וועלן אייך ניט געפעלן מיינע גרייזן. . . .

אַצינד צו מיין ענין. איך האַלט עס פאַר נויטיג צו שרייבן צו אייך מיין טיפסטן פּראָטעסט געגן יענע „עוכרי ישראל" וואָס האָבן דעם 25טן אַפּריל, 1958, געדרוקט אַן אַנטי־ישראל אַרטיקל אין דער „ניו יאָרק טאַימס". גלויבט מיר, חשוב'ער רעדאַקטאָר, נאָכדעם ווי איך האָב איבערגעלייענט דידאָזיגע זאַכן געגן אונזער באַליבט לאַנד, געשריבן פון מענשן וואָס רופן זיך „אידן", האָב איך ניט געקענט שלאָפן, ניט געקענט עסן עטלעכע טעג נאָכאַנאַנד, און נאָך איצט בין איך אינגאַנצן צורודערט. איך האָב געוויינט שעה'ן לאַנג נאָכדעם ווי איך האָב איבערגעלייענט די מסירה געגן מדינת ישראל, וואָס איז אונז אַזוי ליב און טייער. אונזערע זין און טעכטער האָבן אַוועקגעגעבן זייער טייער בלוט אין פאַרטיידיגונג פון דעמדאָזיגן לאַנד אונזערן, און דאָ קומט אַ פאַרשאָלטענער שונא און גיסט אונז אָפּ מיט שנאה, אונז, קינדער פון אברהם, יצחק און יעקב. וואו איז דער רעליגיעזער שרייבער חיים ליבערמאַן? פאַרוואָס שוויגט ער? אויב פרומע פאַנאַטיקער ווילן גערן זען אונזער מפּלה אין אונזער קאַמף פאַר קיום, טאָ וואָס קענען מיר האָבן צו די מערדער פון די זעקס מיליאָן קדושים, וועלכע האָבן אויסגעמאָרדעט אונזער פאָלק, און קיינער פון דער אַזוי־גערופענער ציוויליזירטער וועלט האָט ניט אויפגעהויבן אַ פינגער אונז צו ראַטעווען פון די הענט פון די נאַצישע מערדער? איז די וועלט הפקר? איז אידיש בלוט הפקר? פאַרוואָס שווייגן די רבנים, אויב אידן וואָס רופן זיך חסידים העצן־אויף גוי'אישע רוצחים געגן אונז?

איך בין ניינצן יאָר אַלט, און בין אַ מיידל וואָס גייט אין קאַלעדזש. פאָריגע וואָך, ווען איך בין געקומען אין קלאַס, האָט אַן אַראַבישער סטודענט פון סיריע מיר געוויזן דעם אַרטיקל, געשריבן פון אַ אידישן „קאָמיטעט פאַר רעליגיעזער פרייהייט אין ישראל". דער אַראַבער האָט געהאַלטן יענע צייטונג ווי אַ כשר'ע מציאה און ער האָט עס געוויזן די פּראָפעסאָרן און אַנדערע סטודענטן. איך האָב זיך אַזוי געשעמט אַז איך האָב געמוזט וויינען, און דער אַראַבישער סטודענט האָט מיך געדאַרפט טרייסטן, אַז ער האָט ניט געמיינט מיר וויי צו טאָן. . . .

נון, ווייל איך אַן אויפקלערונג פון חיים ליבערמאַן און איך האָב צוגעזאָגט דעם אַראַבישן סטודענט, אַז איך וועל אים אַלץ דערקלערן נאָכדעם ווי איך וועל זיך באַקענען מיט'ן גאַנצן ענין, און וואָס פאַראַ

סאָרט אידן יענע זיינען, און ווער ווייס, אפשר איז די גאַנצע זאַך גאָר אויסגעאַרבייט פון גוים, אונזערע שונאים?

וואַרט איך, אַלזאָ, אויף אַן ענטפער אין „פאָרווערטס", וואָס איז פאַר מיר אַ ברונים מיט קוועליגן וואַסער, פון וועלכן איך צי גייסטיגע יניקה. מיין האַרץ איז מיט אייך, מיינע טייערע אידישע שרייבער. זאָל אייך ג־ט העלפן און שטאַרקן אייערע הענט אין אונזער־אייער מי צו שטיצן ישראל, און אַלע אונזערע שונאים זאָלן פאַרשאָלטן ווערן אויף אייביג. דאָס בלוט פון אונזערע ברידער און שוועסטער אין איראָפּע שרייט פון דער ערד און פאָדערט נקמה.

קענען מיר בלייבן שטיל ווען יענע שונאים אין דער געשטאַלט פון דער „קאָמיטע" ווילן צעשטערן דאָס קליינע אָרימע געצעלט, וואָס אונזערע ברידער און שוועסטער אין ישראל האָבן אויפגעבויט מיט זייער בלוט און טרערן? לאָמיר טאָן כל זמן ס'איז ניט צו שפּעט. די אַנטיסעמיטן זיינען אויף דער וואַך! און אָט־די בוגדים העלפן זיי אַרויס.

אייער לעזערין

ד י נ ה   ש אָ ר, 235 נ. אָליוו סט.,
לאָס אַנדזשעלעס 33, קאַליפאָרניע.

## אַ מערקווירדיגער בריוו!

אַ לאַנגע צייט איז אַרומגעגאַנגען אַ ווייטאָג צווישן אונז און געזוכט אַ צונג, אַ נאַציאָנאַלע טראַגעדיע וואָס האָט געזוכט לשון, געוואָלט אויס־געדריקט ווערן, זיך פאַרקערפערן אין וואָרט, און ניט געפונען. איך מיין דאָ דעם ברודער־קריג וואָס אַ גרופּע, אָדער מחנה פרומע אידן־עקסטרע־מיסטן האָבן גענומען אויף זיך צו פירן געגען מדינת ישראל און געוויסע דערשיינונגען אין איר. די גרופּע רופט מען אַמאָל נטורי קרתא, אַמאָל סתם „וויליאַמסבורגער", פּלוצים האָט זי זיך אַ נאָמען געגעבן „קאָמי־טעט פאַר רעליגיעזער פרייהייט אין ישראל", און גאָר לסוף: „וועלט־פאַרבאַנד פון אָרטאָדאָקסישע אידישע געמיינדעס". ווי אַ שלאַנג בייט אירע העמדלעך, אַזוי בייטן זיי זייערע נעמען. נאָר דער ריכטיגסטער נאָמען פאַר דער קריגערישער מחנה איז — סאַטמאַר. און דער קריג ווערט געפירט מיט ברען און ביטערניש. די מיילער זיינען פול גע־וואָרן מיט לשון הרע, די הערצער שרפ'ען מיט שנאה, און די לופט איז פול מיט בלאָטע און שטיינער. אַ קלימאַקס איז דערגרייכט געוואָרן ווען דער „קאָמיטעט" איז אַרויסגעטראָטן מיט אַן אַנאָנס אין דער „ניו יאָרק

טאַימס" פונקט צום גרויסן טאָג, צום יום־טוב פון צען יאָר מדינת ישראל. ס'איז געווען געגנוג כעס און צאָרן ווען זיי זיינען אין פאַרשידענע זייטן אַרויס אין די גאַסן אין שרייאיגע דעמאָנסטראַציעס, אָבער מיט דעם „אַנאַנס" זיינען זיי ניט בלויז אַרויס אין די גאַסן, נאָר אַוועק צו די גוים. . . .

דער גוי'ישער ביסן האָט זיי הפנים גוט פאַרשמעקט, וואָרים קירצ־לעך נאָכדעם זיינען זיי, צוויי הונדערט און פופציג שטאַרק, דערשינען אין וואַשינגטאָן אין אַ דעמאָנסטראַציע פאַר'ן ווייסן הויז, הינטער די סאַמע „הויכע פענסטער".

און דער ווייטאָג איז געלעגן שווער אויפ'ן האַרצן, די חרפה האָט געברענט דאָס פנים, און די צונג איז געווען געליימט. . . .

געליימט, איך בין מודה, פון פחד.

די שרעק האָט גרויסע אויגן, זאָגט אַ שפּריכוואָרט, און אפשר בין איך מגזם. הלוואי ! נאָר איך קוק אויפ'ן האָריזאָנט און מיר דוכט, איך זע דראָענדיגע סימנים. איך זע וואָלקנדלעך וואָס זאָגן אָן אַ גרויסן שטורם. מיר שטייען, האָב איך מורא, פאַר אַ נייער גרויסער מחלקת ביי אידן, אַ מחלקת פון יענעם שרעקליכן פאַרנעם ווי ס'איז געווען די מחלקת פון ר' יונתן אייבשיץ און ר' יעקב עמדין, דער „קליוועער גט", די מחלקת פון די חסידים און מתנגדים, און ווער ווייס, אפשר די מחלקת מיט די שבתי־צבי'ניקעס . . ., אָדער די קראים. . . .

נאָר אָט האָט צו מיר דערגרייכט דער בריוו פון דעם מיידל : די צונג האָט געפונען דאָס וואָרט פאַר'ן ווייטאָג, דאָס מויל — די ריכטיגע קללה פאַר דער שאַנד ! אַן אויסגעשריי, אַ געוויין, אַ פלוך . . . אַ אידיש קינד רופט נאָך הילף, אַ פאַרוואונדעטע אידישע נשמה שרייט אין דער נאַכט, און ווי קאָן מען זיך ניט אָפּרופן ?

הויב איך אויף דעם פאַרוואונדעטן קרבן אויף מיינע הענט און ברענג זי דאָ צו דער שוועל פון דעם „קאָמיטעט", אָדער לייג זי ביי דער טיר פון „חיים ראָטה", אָדער פאַרוואָס ניט טאַקע אויפ'ן טיש פאַר'ן רבי'ן אַליין, און זאָג :

אייער מצווה !

וואָרים איר האָט געוואָלט ראַטעווען אַ אידישע טאָכטער פון בן־גוריון'ס גלות, וואו די שדים טאַנצן, און זי אַריינברענגען אונטער די פליגל פון אַראַבישן גלות, וואו די שכינה איז מיט . . . ווי אין פסוק שטייט . . .

און גרויס וועט געוויס זיין אייער שכר אויף יענער וועלט. . . .

ווען מען רעדט פון די דעמאָנסטראַציעס וואָס דער „קאָמיטעט" האָט געמאַכט, אָדער וועט נאָך מאַכן, פון די „אַנאָנסן" וואָס ער האָט שוין געדרוקט אָדער וועט נאָך דרוקן, פּרובט מען אַלץ צו וועגן און שאַצן וואָס פאַר אַ ווירקונג דאָס האָט געהאַט, אָדער וועט האָבן, אין דער פּאָליטישער וועלט. און פּאָליטיק איז אַ ברייטער אומפּערזענלעכער ענין, אַן אַבסטראַקטע זאַך.

דער בריוו פון דינה שאָר ווייזט וואָס פאַר אַ ווירקונג דידאָזיגע זאַך האָט פּערזענלעך, יחיד'יש, אינטים, אין האַרצן פון דעם איינצלנעם פּיל־באַרן אידן. זינט איך האָב איבערגעלייענט איר בריוו טוט זיך ניט אָפּ פון מיינע אויגן דאָס בילד פון דעם מיידל, וואָס איז אַזוי ווי אַ פויגל אונטערגעשאָסן געוואָרן אין איר פליען. איך זע ווי זי ליגט דעם קאָפּ איינגעגראָבן אין אַן אָרעם און זי כליפּעט און איר גוף צוקט אין ספּאַזמען, אַזש דער אַראַבער איז גערירט און קומט זי טרייסטן....

אַ גוטער־איד האָט זי פאַרוואונדעט און אַ גוטער אַראַבער ברענגט איר היילונג....

עס שטייט: „כל המקיים נפש אחת מישראל", ווער עס דערהאַלט אַן איינציגן אידישן נפש, איז גלייך ווי ער וואָלט דערהאַלטן אַ פולע וועלט. צי שטייט ניט אויפ'ן זעלבן בלאַט אויך געשריבן: כל המאַבד נפש אחת מישראל, און צו וואָס דאָס איז געגליכן? ווער וועט באַצאָלן פאַר'ן צער פון דעם דאָזיגן מיידל, וואָס פלאַטערט מיט אַזאַ פאַרליבטער ציטערניש איבער דער קליינער יונגער אידישער מדינה, ווי אַ מאַמע איבער איר עופ'עלע?

ווי אַ מאַמע איבער איר עופ'עלע פלאַטערט זי מיט ליבשאַפט פאַר דער אידישער מדינה, אָבער ווי אַ מאַמע איבער איר עופ'עלע שטורמט זי אויף ווען מען וויל עס שעדיגן אָדער צורויבן פון איר — ווען די מאַמע ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ טיגערין! לייענט איבער נאָכאַמאָל דעם בריוו און הערט זיך איין אין די ווערטער. הערט זיך איין ווי צאַרט עס פליסטערט איר האַרץ אין איידעלער ליבשאַפט ווען זי רעדט וועגן ישראל: אַ פאַרליבט טייבעלע וואָרקעט ניט צאַרטער. אָבער הערט ווי עס ראָלט איר דער צאָרן אין האַלז ווען זי רעדט וועגן די „שונאים" פון דער מדינה. טוט זיך נאָר אַריין אין דער שורה „און דאָ קומט אַ פאַרשאָלטענער שונא און גיסט אונז אָפּ מיט שנאה, אונז, קינדער פון אברהם, יצחק און יעקב". דאָ וואָרקעט ניט קיין טייבעלע, דאָ ברומט אַ פאַרוואונדעטע לייבין. איר שנאה צו די שונאים איז אַזוי שטאַרק ווי איר ליבע צו דער מדינה. די שונאים קען זי גאָרניט אָננעמען פאַר קיין אידן.

זי שאַפט זיך די אילוזיע, כאָטש אויף אַ ווײַלע, אַז די גאַנצע זאַך איז אַן אויפטו פון „גוים“.

אַזעלכע זיינען די געפילן וואָס קומען אין שפּיל אין דער גרויסער דראַמע פון אונזער צייט: אַנטקעגן דער שנאה פון „חיים ראָטה“ שטייט געשפּאַנט די שנאה פון דינה שאָר. „חיים ראָטה“ איז יענער אימיצער, וואָס איז געשטאַנען אונטערגעשריבן אויף דעם באַרימטן אַנאָנס אין דער „טאַימס“. עס זיינען דאָ מער ווי איין „חיים ראָטה“ און עס זיינען דאָ אַ סך דינה שאָרס. וואָס וועט זיין יענעם טאָג, ווען די צוויי שנאה׳ס וועלן זיך צעפלאַקערן אין אַ העלישן פייער? וועלן זיי ניט פאַרצערן, חלילה, דאָס אידישע הויז?

## פאַכעדיגע שווערדן

אַ אידישע טאָכטער האָט געלייענט דעם אַנאָנס פון די פרומע שונאי ציון געגן ישראל אין די „טאַימס" און זי איז פון צער צוזאַמענגעבראָכן. זי האָט גאָרניט געקענט גלויבן, אַז אַזעלכס זאָל שטאַמען פון אידן. און זי האָט זיך געטרייסט: ניט אַנדערש אַז דאָס האָבן גוים אָפּגעטאָן אַ שפּיצל; גוים האָבן צונויפגעשטעלט עפּעס אַ „קאָמיטעט פאַר רעליגיעזער פרייהייט אין ישראל" און האָבן אַרויסגעטראָגן אַ באַרג מיט מסירות אויף דער אידישער מדינה. און זי האָט אַרויסגעשיקט אַן אַנגסטיגן געשריי צו חיים ליבערמאַן: ענטפער — זיינען עס אידן אָדער גוים?...

און מיט צער מוז איך ענטפערן: די טאַט איז אַ גוי'אישע, נאָר די טוער, ווי די יאָרן, זיינען אידן....

דער אויסרייד פאַר דעם אַנאָנס איז געווען דער געמישטער שווים־באַסיין אין ירושלים, אָבער די כוונה, ווייסן מיר, איז די גאַנצע מדינה. אַוודאי טאָר אין ירושלים ניט זיין קיין שווים־באָד פאַר מענער און ווייבער אינאיינעם. וועלכער פרומער איד טראַכט דען אַנדערש? אידן אין דער גאָרער וועלט שטייען יעדן טאָג מיט'ן פּנים צו ירושלים און זיינען מתפּלל: „ולירושלים עירך ברחמים תשוב" — זיי בעטן צו דער־זען ג־ט אויפקומען אין ירושלים; ערשט דאָ וועט אויפגיין פאַר'ן דמיון אַ שטיק קאָני אַיילאַנד! אַפילו פרייע אידן מיט אַ חוש פאַר ירושלים און איר באַזונדערער קדושה האָבן זיך אויפגעהויבן געגן. נאָר וואָס איז דער חילוק צווישן די נטורי קרתא און די אַנדערע?

דער צוגאַנג איז אַן אַנדערער. אידן פון דער גאַנצער וועלט ווילן אויסקעמפן די זאַך צווישן זיך, ווי אין אַן אייגענער משפחה, ווי ברידער מיט ברידער, אָבער די אידן פון דעם „אַנאָנס" קעמפן ווי ברידער געגן ברידער, און זיי האָבן נאָך אַרויסגעטראָגן די זאַך אין דער גוי'אישער גאַס אַריין.

אין דער גוי'אישער גאַס, וואו עס שווימלט און גריבלט מיט שונאים, מיט אַנטיסעמיטן, מיט פאַשיסטן, מיט נאַציס, מיט קאָמוניסטן, מיט רעליגיעזע פאַנאַטיקער, מיט שונאי ציון און שונאי ישראל, מיט סתם

רשעים, וואָס אַלע ווילן זיי זען אַ מפּלה, רחמנא ליצלן, אויף מדינת ישראל, און אויף כלל ישראל, מיט די נטורי קרתא אַריינגערעכנט: אַהער זיינען יענע אַוועק בעטן הילף און זוכן שותּפים!

און אַז זיי זיינען אַזוי אַרויס אויף דער גוי׳אישער גאַס, האָט זיך דערהערט אַ מעכטיגע אידישע שטים פון פּראָטעסט געגן זיי. עס האָט געגומען דאָס וואָרט הרב אליעזר סילווער. מיט דעם כוח פון אַ גאון התורה, און מיט דער גרויסקייט פון אַ מנהיג הדור האָט ער אויסגע־שריען: מ׳טאָר ניט! ס׳איז אַ זינד! און ער האָט אַרויפגעלייגט אויף זייער טאַט אַ שוואַרצן שטעמפּל, דעם שטעמפּל פון טומאה. אין זייער קדושה איז אַריין די טומאה, האָט ער געשריבן.

דער בריוו פון הרב סילווער וועגן דעם „טאַימס״־אַנאָנס פון די אַמעריקאַנער נטורי קרתא איז אַ דאָקומענט פון העכסטער געהויבנקייט, געשריבן אין דער טראַדיציע פון קעמפערישן אידנטום פון אַלע צייטן, אין נוסח פון יענע גאונים, וואָס האָבן ניט געקענט זיצן מיט פאַרלייגטע הענט ווען אויף דער אידישער גאַס איז געשען אַ מעשה פּלגש בגבעה. און דער אַרויסטריט פון די נטורי קרתא אויף דער אָפענער גאַס מיט אַ שענדונג פון מדינת ישראל, איז אַ מאָדערנע פּלגש בגבעה געשיכטע.

צווישן אַנדערע זאַכן האָט הרב סילווער דערמאָנט די לייט פון דעם אַנאָנס אַן אַנדער מעשה, וואָס אויב ס׳איז ניט קיין מעשה פון פּלגש בגבעה, קען עס אפשר אָנגערופן ווערן אַ מעשה סדום. דער גאון האָט דערמאָנט די גרויליגע יאָרן פון דער מלחמה, ווען מ׳האָט געאַרבייט צו ראַטעווען אידן. די אַזוי־גערופענע הצלה־אַרבייט. דעמאָלט, שרייבט הרב סילווער, האָט מען יענע לייט ניט געזען. זיי זיינען ניט געווען אַזוי פלייסיג אין דער הצלה־אַרבייט ווי זיי זיינען פלייסיג אין דער אַרבייט געגן מדינת ישראל. און הרב סילווער ווייס. ער איז געווען דער גרויסער רעטער.

פאַרוואָס טאַקע ניט? מוז מען זאָגן, ניט אַנדערש אַז דידאָזיגע לייט אַרט מער פאַר אידישקייט ווי פאַר אידן. אַ שיטה אַזאַ.

אָבער אויב זיי אַרט טאַקע פאַר אידישקייט באמת ואמונה, איז דאָ אַן אַנדער שאלה זיי, אָדער וועגן זיי, צו פרעגן: וואו זיינען זיי געווען, און וואו זיינען זיי נאָך היינט, מיט פּראָטעסט, קאַמף און דעמאָנסטראַציעס געגן דעם קאָמוניזם, וואָס איז געקומען צו פאַרניכטן אידישקייט? יאָרן און יאָרן אַז די קאָמוניסטן אַרבייטן אויסצוראָטן די תורה ביי אידן. זיי האָבן אַ תל געמאַכט פון דעם רוסישן אידנטום, וואָס איז געווען דער רוקנביין פון אידישן פאָלק. זיי האָבן פאַרמאַכט דעם חדר, פאַר־שלאָסן די ישיבות, פאַרטריבן די רבנים, צעריסן דעם סידור, פאַרמעקט

דעם תנ"ך, צעפליקט אויף פאַפּיר דעם תלמוד, מטמא געווען די ספרי תורה, פאַרוואַנדלט די שולן אין שטאַלן, די בתי מדרשים אין אויס־געלאַסענע קלובן, און אידישע אותיות, די כשר'ע אידישע אותיות צעשמאָלצן אויף בליי, דאָס אידישע וואָרט און ג־ט'ס וואָרט זאָל מער קיין תקומה ניט האָבן. און קיינמאָל, אָבער טאַקע קיינמאָל, האָט מען ניט געזען קיין "וויליאַמסבורגער" דעמאָנסטראַציע פאַר'ן סאָוועטישן קאָנסולאַט, און קיינמאָל האָט מען ניט געלייענט אין דער "טאַימס" קיין אַנאָנס פון אַ "קאָמיטעט פאַר רעליגיעזער פרייהייט אין סאָוויעט רוסלאַנד", אונטערגעשריבן פון "חיים ראָטה". נאָר אויף ישראל, וואו דאָס קול פון תורה און תפילה הילכט אין אַלע גאַסן — אויף דעם הייליגן לאַנד און אויף די הייליגע אידן דאָרט, האָט זיך אויסגעגאָסן דער גאַנצער סאַטמאַרער צאָרן.

זעען מיר דאָ צוויי זאַכן וואָס לאָזן זיך קלאָר דרינגען:

פון זייער שטעלונג צו דער הצלה־אַרבייט ווייזט אויס אַז זיי אַרט ניט פאַר אידן; פון זייער האַלטונג צו דעם קאָמוניזם ווייזט אויס אַז זיי אַרט ניט פאַר אידישקייט — וואָס־זשע פאַראַ אידן זיינען עס דידאָזיגע סאַטמאַרער נטורי קרתא?

דאַרף מען זאָגן, אַז דאָס זיינען אידן וואָס האַלטן בלויז זיך אַליין פאַר אידן, און בלויז זייער אידישקייט פאַר אידישקייט, און וויטער איז אַלץ אין זייערע אויגן כאפרע דארעא. דאָס אידישע פאָלק איז סאַטמאַר — סאַטמאַר, און מער גאָרניט. ווער ס'איז ניט זייער רב איז קיין רב ניט, וואָס ס'איז ניט זייער כשרות איז ניט כשר, וואָס ס'איז ניט זייער תורה איז קיין תורה ניט און ווער ס'איז ניט זייער איד איז קיין איד ניט. און אַזוי האָבן מיר טאַקע געלערנט פון סאַטמאַר: אין אַמעריקע, זאָגט דער רבי, זיינען דאָ בלויז זעקס טויזנט אידן: די צאָל פון סאַטמאַרער חסידים. די אַנדערע זיינען קיין אידן ניט. און אַז מ'האָט געפרעגט ווי אַזוי נעמט דער רבי געלט ביי ניט־ערלעכע אידן, האָט ער געענטפערט אַז מען מעג על פּי דין און הלכה. אַז מ'קוילעט גענז, האָט ער געזאָגט, און איינע ווערט טריף, אָדער עס פאַלט אַ גאַנז איידער מ'קוילעט זי, טאָר קיין איד די פלייש פון אַזאַ גאַנז ניט עסן, אָבער די פעדערן מעג מען אָפּפליקן און נוצן....

דאָס אידישע פאָלק איז די סאַטמאַרער קלויז, דאָס אידישע לאַנד איז וויליאַמסבורג, און מער גאָרניט. און מער דאַרף מען ניט. דאָס איבעריגע מעג ברענען.

און זיי אַליין זיינען גערן עס אונטערצוצינדן.

יעדן טאָג לייגן זיי אונטער אַ שטיק ברענשטאָף אונטער מדינת ישראל.

און זיי גאַרטלען זיך אונטער אויף מער. זיי גורטן אָן די לענדן אויף מלחמה. אויף אמת׳ער מלחמה. זיי האָבן זי שוין אפילו אויסגערופן און פראָקלאַמירט. זיי אַליין באַנוצן דאָס וואָרט „מלחמה״. „מלחמת תנופה״ רופן זיי עס אָן אין זייער קריגס־פּראָקלאַמאַציע, וואָס איז טייטש: אַן אָפענע מלחמה, אַ מלחמה פון אָנגריף, אַ מלחמה מיט פּאָכעדיגע שווערדן.

מיט פרומקייט טוען זיי עס, פאַרשטייט זיך, נאָר מיט פרומקייט, מיט תורה, מיט געטלעכע פסוקים און הייליגע מימרא׳ס.

נאָר ווען די נטורי קרתא׳ניקעס רעדן געגען מדינת ישראל „מן התורה״, דערמאָנט עס מיר אין אַ געוויסן „תהילים זאָגן״.

אין שפּאַניע איז אַמאָל געווען די אינקוויזיציע. זי האָט געברענט אידן. זי האָט געברענט אידן פון „ג־ט׳ס״ וועגן, נאַטירלעך. אַז מען האָט פאַרברענט אַ אידן, האָט מען עס געמאַכט מיט גרויס־פרומען פּאַראַד. ווען מען האָט געפירט דעם אידן צום פייער, האָבן די גרויסע קירכ־ליכע לייט, מיט ליכט אין די הענט, אים באַגלייט אין אַ פייערלעכער פּראָצעסיע און פרום געזאָגט תהילים....

מיט׳ן אידישן תהילים האָט מען געברענט אידן!

ווי יענע לייט דאָרט אַמאָל, אַזוי זיינען אין מיינע אויגן אונזערע וויליאַמסבורגער נטורי־קרתא׳ניקעס היינט, וואָס קומען מיט תורה צו פאַרברענען מדינת ישראל!

און איך ווייס שוין ניט צי מ׳דאַרף נאָך זאָגן „להבדיל״....

מיש שבת־ליכט ווילן זיי אונטערצינדן דאָס הייליגע אידישע הויז!...

ווען עס איז אַרויס זייער טרויעריג־באַרימטער אַנאָנס אין דער „טאַימס״ האָט הרב סילווער, מיט דער גרויסער אויטאָריטעט פון אַ גאון הדור גע׳פסק׳נט, אַז דער אַנאָנס איז די אייגענע זאַך וואָס „ערכאות עכו״ם״, דאָס הייסט, ס׳איז גלייך ווי גיין אין גוי׳אישע געריכטן מיט אידישע ענינים. אַ האַרבע עבירה אין דער אידישער הלכה. וואָרים דאָס מיינט פאַרבייגיין די תורה און מזלזל זיין דעם אידישן דין.

האָט יענער צד געלייגט אַכט אויפן פסק פון דעם גאון?

ניין, ס׳איז ניט זייער גאון, איז עס ניט זייער דין. זיי האָבן זיך זייערע אייגענע גאונים, און יענע האָבן אַנדערש גע׳פסק׳נט. זיי האָבן גע׳פסק׳נט אַ קריג־דערקלערונג דער אידישער מדינה!

די נטורי קרתא פון וויליאַמסבורג האָבן זייער אייגענעם רבנים־פאַרבאַנד, וואָס הייסט „התאחדות הרבנים״. און אָט האָבן זיי אָפּגע־האַלטן זייער יערלעכע אסיפה און האָבן באַשלאָסן וועגן מדינת ישראל. און זייער החלטה איז אָפּגעדרוקט געוואָרן אין זייער אָרגאַן „דער איד״, פון פרייטאָג, 6טן יוני, 1958. די גאַנצע החלטה איז איין גרויסע מגילה

פון האַס, אַזוי ווי ס׳איז דער געוויינלעכער נוסח פון שרייבן אין יענעם לאַגער. ס׳איז דער לשון פון „חומתנו“ און דעם „איד“. דאָס וואָס גילט דאָרט פאַר שרייבן איז ניט קיין שרייבן: ס׳איז רציחה, גזלנות. ס׳איז „נוסח סאַטמאַר“. און צווישן אַנדערעס ווערט דאָרט געזאָגט דאָס פאָלגנדע:

„לצאת במלחמת תנופה נגד מהרסי הדת המשתלטים על עמנו. חובה עלינו לעשות כל מה שנחוץ לטובת הענין הדרוש, לצעוק ברחובות העיר, להרעיש עולם ומלואו להזעיק מלכים ושרים מאומות העולם“...

דאָס איז דער טייטש: „אַרויסצוגיין אין אַן אָפּענער מלחמה אויף די צעשטערער פון דעם דת וואָס הערשן איבער אונזער פאָלק, ס׳איז אַ פליכט אויף אונז צו טאָן אַלץ וואָס איז נויטיג פאַר דעם געפאָדערטן ענין, צו שרייען אין די גאַסן, אויפרודערן די גאַנצע וועלט און אַלאַרמירן מלכים און האַרן פון די אומות העולם“...

אַ מלחמה געגן דער אידישער מדינה! רבנים שאַרפן די שווערדן אויף אידן! צו גוים וועט מען גיין זיי זאָלן פסק׳ענען אידישע דינים! גוים זאָלן ראַטעווען דעם אידישן דת, יענע גוים וואָס ביי זיי איז דער אידישער דת נאָר אַ לעסטערונג פונ׳ם „אמת׳ן“ גאָט....

און ניט קיין אַבי־וואָסערע גוים וועלן עס זיין, נאָר סאַמע מלכים, סאַמע האַרן! די מעכטיגע פון דער וועלט, די שפּיצן פון דער מענשהייט!

כאָטש פון פּראָסטן פאָלק וועט מען אויך ניט אָפּלאָזן, יענעם פאָלק וואָס מען געפינט אין די „גאַסן פון די שטעט“, אויף די יאַרידן, אין די שענקען....

אַז מלחמה, זאָל זיין מלחמה! מיט אַלע וואָפנס, מיט אַלע פאַרבינדעטע. די אַראַבער דערקלערן קריג אויף ישראל, און די סאַטמאַרער!

אַלץ געגן דער קליינינקער, אָרימינקער, העלדישער אידישער מדינה׳לע, וואו יעדער זעמדעלע איז אַ פאַרגליווערט טראָפּן קדושה, יעדער איד בחזקת־צדיק, יעדער קינד אַ מלאכ׳ל, פון ג־ט געשיקט צו פאַרפלאַנצן אויף דאָס ניי דעם הייליגן אידישן זאָמען אויף דער הייליגער ערד.

געגן זיי גייט סאַטמאַר אויפהעצן די וועלט!

קום איך פרעגן אַ שאלה, אַ פּשוט׳ע שאלה. איך פרעג זי ביי רבנים, ביי גדולי תורה, ביי אַלע גאונים און צדיקים די בכל אתר ואתר:

איז עס כשר פאַר אידן צו גיין אַזוי צו גוים מסר׳ן אויף אידן?

איז עס רעכט פאַר אידן צו גיין אַזוי בונטעווען גוים געגן אידן?

צי מעגן אידן רופן גוים שלאָגן אידן?

ענטפערט, פּסק׳נט...

## „גיין צו די גוים"

לאָמיר ביי דעם פּונקט מאַכן אַ שטיקל סך הכל. אָנגעהויבן האָבן די ווילִיאַמסבורגער נטורי קרתא — לייען סאַטמאַר — מיט אַ דעמאָנ־סטראַציע פאַר׳ן ישראל קאָנסולאַט אין ניו יאָרק. אַ דעמאָנסטראַציע איז אַ לעגיטימע, געזעצמעסיגע זאַך, אויב זי ווערט נאָר דורכגעפירט אָנשטענדיג. יענע דעמאָנסטראַציע איז ליידער דורכגעגאַנגען מיט אַ סך מיאוסקייט. נאָר כאָטש זי איז פאָרגעקומען אין דער אָפענער גאַס, דאָך, אין לעצטן סך הכל, איז זי פונדעסטוועגן געבליבן מערסטנס אַן ענין צווישן אייגענע, אין די אידישע פיר ווענט. שפּעטער האָבן זיי דורכ־געפירט עטלעכע מאַסן־פאַרזאַמלונגען אין לאָקאַלן. די זיינען אַוודאי געבליבן צווישן אונז אידן אַליין. געווען אויך איין מאַסן־פאַרזאַמלונג ערגעץ אונטער׳ן פרייען הימל, אָבער דאָ איז געווען אַ מיזעראַבלער דורכפאַל, ווייל אַ מיטינג פון עטלעכע הונדערט מענשן אין דעם הו־האַ פון ניו יאָרק, טוט קוים צוציען די אויגן פון די פאַרבייגייער. ריכטיגער געזאָגט — פאַרביילויפער. ווייל אין ניו יאָרק גייט מען ניט, נאָר מ׳לויפט, און ניט מ׳לויפט, נאָר, ווי שלום עליכם זאָגט, מ׳ראַטעוועט זיך....

האָבן די ג־ט־פאָרכטיגע ג־ט־לעסטערער געאַרבייט ווי די ביבערס און געשוויצט ווי די שעפסן, נאָר קיין מזל־ברכה פון זייער האָרעוואַניע, נעבעך, ניט געזען. אַמעריקאַנער אידן זיינען זיך ווייטער געגאַנגען דעם היילִיגן וועג פון ליבשאַפט און הילף פאַר מדינת ישראל. און זעענדיג אַז זיי האָבן ניט, און קענען ניט האָבן, קיין הצלחה צווישן אידן, זיינען די פרומע שונאי ציון לסוף אַוועק צו די גוים.

וואָרים ס׳איז דאָ אַן אַלטער כלל, אַלט ווי דער גלות, אַז אַ איד וואָס וויל מצליח זיין געגן אידן, דאַרף ער נאָר גיין צו די גוים. דאָרט זיינען שטענדיג דאָ גרייטע אויערן צו הערן שלעכטס אויף אידן. דאָרט געפינט מען שטענדיג בעלנים צו גיין העלפן „מאַכן אָרדנונג" ביי אידן. דעם סוד פון אַזאַ דערפאָלג האָבן שוין לאַנג אויסגעפונען אידישע שרייבער פון אַ געוויסן מין. זיך דראַפּענדיג צו „סוקסעס" אין דער וועלט, ווייסן זיי, אַז זיי דאַרפן נאָר קומען מיט אַ בוך, וואָס שילדערט

אומסימפּאַטישע אידן, אָדער מיט בלבולים און זלזולים אויף אידן אָדער אויף אידישקייט, און די גוים וועלן זיי אויפנעמען מיט אָפענע אָרעמס. דעמדאָזיגן וועג איז געגאַנגען שלום אַש, למשל.

און אויפ׳ן זעלבן וועג צו די גוים, ווי די יאָרן, איז אויך אַוועק אונזער רבי! די טומאה און די יראה האָבן זיך באַגעגנט אויף איין ברעטל! דער רשע איז געקומען מיט אַ בייזער צונג אויף דער אידישער אמונה, און דער צדיק איז געקומען מיט אַ בייזער צונג אויף דער אידישער מדינה....

די ערשטע זאַך איז מען אַרויס מיט דער גרויסער מגילה פון מסירה אין דער „טאַימס״. דערנאָך האָט מען פון יענער שד׳ישער שריפט געמאַכט אַן אָפּדרוק, צירקולאַרן און בלעטלעך, און מען האָט זיך אַרויס־געלאָזט זיי פאַנאַנדערצושפּרייטן בכל תפוצות הגוים. דורך פּאָסט און דורך האַנט.

די גאַסן פון ניו יאָרק זיינען ממש פאַרפלייצט געוואָרן מיט דעם „שטנ׳ס שיר המעלותן״. וויליאַמסבורגער אידן, סאַטמאַרער חסידים, אידן מיט בערד און טלית־קטנ׳ס, האָבן זיך אויסגעשטעלט אויף די בעסטע סטראַטעגישע פונקטן פון דער קאָכיגער וועלט־שטאָט און האָבן געטיילט צירקולאַרן. אַזעלכס האָט נאָך ניו יאָרק קיינמאָל פריער ניט געזען, און מענשן האָבן מיט גרויס נייגעריגקייט געכאַפּט די בלעטלעך. אידן און גוים. אידן האָבן גענומען לייענען און אַוועקגע־וואָרפן, גוים האָבן גענומען לייענען און באַהאַלטן אין די קעשענעס. אידן האָבן זיך געשעמט, גוים האָבן זיך געקוויקט. ס׳איז געווען אַ „סוקסעס״.

אָבער ס׳איז געווען איינס פון די מיאוס׳טע שאַנדטאַטן, וואָס זיינען ווען אָפּגעטאָן געוואָרן אין דער אידישער געשיכטע! מען האָט גע־נומען אידן פון טראַדיציאָנעלן טיפּ, אידן מיט באָרד און פּיאות, מיט לאַנגע קאַפּאָטעס און די ציצית אינדרויסן, אידן פון דעם פּאַטריאַרכאַלן טיפּ, וואָס ס׳איז שוין ליידער ניט געבליבן קיין סך פון אים, פרומע, כשר׳ע אידן, און מען האָט זיי אַרויסגעלאָזט אויף די גאַסן און זיי פאַרוואַנדלט אין הינט, רחמנא ליצלן, צו בילן אויף מדינת ישראל! וואו האָט מען זיי ניט געזען, דידאָזיגע כשר׳ע שליחים אין יענער טריפה׳־נער שליחות? אָט איז די געגנט פון טאַימס־סקווער, אַ געגנט פון גלאַנץ־געשעפטן, פון האָטעלן און רעסטאָראַנען, טעאַטערס און קינאָס. אונטער אַן אויבערשטער שיכט פון קולטור און ראַפינירטער פאַרנעמ־קייט, איז די גאַנצע פאַרשייטקייט פון ניו יאָרק דאָ קאָנצענטרירט. הינטער הימל־הויכע ווענט און בליציגע שילדן נעסטן דאָ הייזלעך און

ברייזלעך, טאַנץ־לאָקאַלן, שענקען און נאַכט־קלובן. דאָ שוויבלט עס און גריבלט מיט לעבע־יונגן, אונטערוועלט־מענשן, נקבות און זייערע אַלפאָנסן, און אַלערליי אַנדערע טונקעלע טיפּן פון אַ גרויסער מעטראָ־פּאָליע. און וואָס פאַראַ שמאך, און וואָס פאַראַ צער ס׳איז געווען דאָ צו זען, ווי אַזוי אַ איד מיט באָרד און פּיאות יאָגט זיך נאָך אַ האַלב־נאַקעטער נקבה און שטעקט איר אין האַנט אַריין — אַ בריוועלע פון דעם רבי׳ן!

אָבער, פאַרשטייט זיך, זיי האָבן אויסגעקליבן די זינדיגע ערטער נאָר פון ג־ט׳ס וועגן, און זיי האָבן די פּרימערע ערטער אַוודאי ניט אויסגעלאָזט. אומעטום זיינען זיי געווען. אָט, למשל, איז פינפטע עוועניו, אַ קאָנסערוואַטיווע גאַס. אין פאַרגלייך מיט טאַימס־סקווער — אַ צנועה. און אָט קומט פאָר אַ גרויסער פּאַראַד אויף דער עוועניו. אַ פּאַראַד פון הונדערטער טויזנטער מענשן איז די גלענצנדסטע גע־לעגנהייט צו טיילן צירקולאַרן און מאַכן פּראָפּאַגאַנדע. און די סאַטמאַ־רער שליחים זיינען ניט די מענשן דורכצולאָזן אַזאַ געלעגנהייט. זיינען זיי געקומען אַהער אין היפּשע צאָלן, כן ירבו, און זיך אויסגעשטעלט מיט זייער סחורה, פּאַזע דער לענג פון דעם מאַרש און געטיילט די בלעטלעך.

ס׳איז געווען דער יערלעכער מאַרש פון די אַירישע. דער באַרימטער מאַרש פון „סעינט פּעטריק׳ס דעי״.

נאָר ווער איז געווען סעינט פּעטריק? לויט דער לערע פון די אַירישע איז ער געווען אַ הייליגער, וואָס די „השגחה״ האָט געשיקט קיין אַירלאַנד צו ברענגען צו זיי די אמונה פון צלם און די לערע פון קריסטנטום....

אַהער אויך זיינען געקומען די סאַטמאַרער חסידים שפּרייטן זייערע בלעטלעך: דאָרט צו זנות, דאָ צו עבודה זרה. און די בלעטלעך אין די הענט פון די חסידים זיינען געווען אַזוי ווי „קוויטלעך״: סאַטמאַרער חסידים האָבן געלייגט קוויטלעך פאַר׳ן אַירישן הייליגן, קוויטלעך פאַר סעינט פּעטריק׳ן! אפשר וועט ער העלפן געגן מדינת ישראל.

צו דעם אַלעם איז געווען נאָך עפּעס, וואָס שטייגט אפשר אַריבער אי די זנות אי די עבודה זרה: מען האָט אויסגעקלעפּט אַפּישן, וואָס האָבן פאָרגעשטעלט עפּעס, וואָס האָט נאָר געקענט זיין אַ געריכט פון שטנ׳ס אייגענער קיך: אַ ישראל פּאָליציסט, אָדער זעלנער, אין דער געשטאַלט פון אַ נאַצי, מיט אַ סוואַסטיקאַ אויף אַן אַרבל!

און ער האַלט אין שלאָגן אַן אַלטן אידן....

אָט דער אידישער זעלנער, וואָס איז געגאַנגען אין פייער געגן דעם נאַצי, כדי צו ראַטעווען אידן; אָט דער אידישער העלד, וואָס האָט אַיינגעזאַמלט צו זיך אין לאַנד הונדערטער טויזנטער קרבנות פון נאַציזם און באַשיצט זיי מיט זיין גבורה; אָט דער מאָדערנער אידישער גבור, וואָס שיצט די אידישע מדינה, און אויך פאַר'ן לעבן פון די נטורי קרתא אין איר לייגט ער אַוועק זיין קאָפּ יונגערהייט אין קבר אַריין: צו באַצייכענען אים ווי אַ נאַצי — ניין, דער איד וואָס האָט דאָס געטאָן האָט מקריב געווען אַ חזיר אויפ'ן מזבח אין בית המקדש!...

אָט אַזעלכע זיינען די ערשטע שטרויכלונגען, וואָס די ג־ט'ס־פאָרכטיגע לייט פון ווילִיאַמסבורג האָבן באַגעגנט אויף זייער ערשטן וועג צו די גוים. צו די גוים געגן אידן. קען עס דען זיין, אַז ג־ט איז אין אַזאַ גאַנג?

ס'איז ניט דאָס ערשטע מאָל, וואָס אידן גייען זוכן הילף ביי גוים געגן אידן. די אידישע געשיכטע איז אַ לאַנגע און עס זיינען געווען אַ סך, אַ סך אַזעלכע פאַלן. ביי קליינע געלעגנהייטן און ביי גרויסע. ביי גאָר גרויסע און די גאָר גרעסטע מאָמענטן אין דער אידישער געשיכטע. און פון אַלע איז געבליבן איינע און די זעלבע דערפאַרונג, און פון אַלע איז אַרויס איינע און די זעלבע לערע: עס קומט קיינמאָל קיין גוטס ניט אַרויס ווען איד פאַרבינדט זיך מיט גוי געגן איד! פאַר קיינעם קומט ניט אַרויס קיין גוטס, אָבער פאַר'ן גאַנצן כלל ישראל קומט שטענדיג אַרויס שלעכטס, בייזעס, צרות, אומגליק, גזרות רעות, פאַרלענדונג, רחמנא ליצלן, און אַזוי שטייט געשריבן, און אָנגעזאָגט, און געוואָרנט פון ג־ט אין זיין הייליגן ספר.

נעמט, אידן, אַרויס דעם תנ"ך און לאָמיר לערנען אַ שטיקל. מישט אויף אין דברי הימים ב' קאַפּיטל י"ג און אַביסל ווייטער. דאָרט ווערט דערציילט די מעשה מיט אָסאָ, קעניג פון מלכות יהודה, און בעשא, קעניג פון מלכות ישראל, צוויי אידישע מלכים. וואָרים אידן זיינען, ליידער, געווען צעטיילט אין צוויי מלוכות, וואָס האָבן שטענדיג געקעמפט איינע מיט דער אַנדערער און מלחמה געפירט איינע מיט דער אַנדערער.

און אָסאָ איז געווען אַ פרומער און ג־טס־פאָרכטיגער קעניג און האָט געטריי אָפּגעהיט די תורה און מצוות, ווי אין פסוק שטייט: „כדוד אביו" (מלכים א', ט"ו, י'), אַזוי ווי דוד המלך, וואָס איז געווען זיין זיידע: דאַרף מען בעסער?

און בעשא איז געווען אַ זינדיגער און פאַרדאָרבענער קעניג, און אַ געצנדינער, אַזוי ווי זיין זיידע, דער פאַרשאָלטענער ירבעם בן־נבט: דאַרף מען ערגער?

און בעשא האָט אָנגעהויבן טאָן פוילע שטיק געגן יהודה, ווי דער שטייגער איז געווען. און ער האָט געהאַט אַ בונד מיט׳ן קעניג פון ארם, בן־הדד.

האָט גענומען קעניג אָסאָ און געשיקט מתנות צו בן־הדד און האָט אים געזאָגט: רייס איבער דיין בונד מיט בעשא׳ן דעם מלך פון ישראל וועט ער זיך אָפּטשעפּן פון מיר.

בלויז איבעררייסן דעם בונד מיט׳ן אידישן קעניג, האָט אָסאָ געבעטן דעם גוי׳אישן הערשער, און ווייטער גאָרניט. אָבער דער גוי איז געקומען מיט חיל און האָט צעשטערט אַ סך שטעט אין ישראל. מעשה גוי. און בעשא האָט זיך דערשראָקן און איז שטיל געוואָרן.

דעמאָלט איז געקומען ג־ט׳ס נביא צום פרומען און ג־ט׳ס־פאָרכטיגן קעניג אָסאָ און האָט צו אים געזאָגט:

האָסט זיך באַנאַרישט, האָסט זיך פאַרזינדיגט, און דו וועסט מער פון קיין רו ניט וויסן! און אַזוי זיינען געווען דעם נביא׳ס ווערטער:

„דערפאַר וואָס דו האָסט זיך אָנגעשפאַרט אויפ׳ן קעניג פון ארם און דו האָסט זיך ניט אָנגעשפאַרט אויף ג־ט דיין ג־ט, דרום איז אַנטרונען געוואָרן דאָס חיל פון ארם פון דיינע הענט (דען זיי האָבן געזאָלט פאַלן צו אים). דען די אויגן פון ג־ט שוועבן איבער דער גאַנצער ערד צו זיין שטאַרק מיט די, וואָס זייער האַרץ איז גאַנץ מיט אים. דו האָסט זיך באַנאַרישט דערמיט, און פון היינט אָן וועסטו האָבן מלחמות" (ט״ז, ז־ט).

קומט צוגיין דער „סדר עולם" —

נאָר ווער און וואָס איז דער „סדר עולם"? לומדים וויסן, און פשוט׳ע אידן זאָלן וויסן: דער „סדר עולם" איז דער ערשטער ספר אין עברית נאָכ׳ן תנ״ך, וואָס איז דערגאַנגען צו אונז, און זיין מחבר איז געווען, לויט דער גמרא, דער תנא ר׳ יוסי בר חלפתא. אַלע גדולים פון אַלע דורות האָבן זיך אָנגעשפאַרט אויפ׳ן „סדר עולם".

קומט צוגיין דער הייליגער „סדר עולם" און זאָגט, אַז ס׳איז שוין געווען באַשטימט און באַשטעלט, אַז די אָפּגעשפאָלטענע מלכות ישראל זאָל זיך אומקערן צוריק צו בית דוד, און אַזוי אַרום זאָל דאָס צעריסענע אידישע פאָלק צוריק ווערן איינס, און דאָס האָט געזאָלט געשען טאַקע אין אָסאָ׳ס טעג. וואָס פאַראַ וואונדער און נס דאָס וואָלט געווען! ווער וייס וועלכע אומגעאַנטע גרויסקייטן זיינען פאַר אידן באַשערט געווען אויף דעמדאָזיגן וועג! נאָר דערפאַר וואָס אָסאָ איז געגאַנגען

צו ארם און האָט אים גערופן געגן בעשא, דערפאַר וואָס איד האָט גערופן גוי געגן איד, איז יענער גורל ניט אויסגעשפּילט געוואָרן: מלכות בית דוד איז ניט גאַנץ געוואָרן. דאָס אידישע פאָלק איז געבליבן צעטיילט און צעשפּאַלטן ווי געוועזן (זע רד״ק, דאָרט אויפ׳ן אָרט).

ווייל גרויס איז די זינד ווען אַ איד גייט ברענגען די גוים געגן אידן....

געוועזן אויך אַ פאַרקערטער פאַל. אין די טעג פון ישעיה הנביא האָט פקח בן־רמליהו, מלך פון ישראל, געבראַכט דעם קעניג פון ארם אויף צדקיהו מלך יהודה. און וואָס איז געוועזן די שטראָף דערפאַר? אַ מוראַ־דיגע נאַציאָנאַלע קאַטאַרטראָפּע: דעמאָלט איז נגזר געוואָרן די גזירה פון אונטערגאַנג אויף מלכות ישראל, און אַפילו דאָס יאָר פון דער גזירה איז באַשטימט געוואָרן: „אין פינף און זעכציג יאָר אַרום וועט אפרים זיין פאַרשניטן פון אַ פאָלק!״, האָט דער נביא געצאָרנט.

און אַזוי איז עס מקוים געוואָרן. די צווייטע אידישע מלוכה פון שומרון איז אונטערגעגאַנגען און די צען שבטים זיינען פאַרלאָרן געוואָרן ביז היינטיגן טאָג.

ווייל שווער איז די שטראָף ווען אַ איד גייט העצן גוים געגן אידן....

# די געטלעכע וואָרנונג

אין אַ פאַרגאַנגענער עפּאָכע, ווען די משכּילים האָבן געקעמפט געגן די רבנים, און דער קאמף איז צוגעגאַנגען שווער, האָבן די משכּילים געהויבן זייערע אויגן צו די מלכים און שׂרים פון די פעלקער. „פון דעם טיפן זומפּ — שרייבט דער ווילנער משכּיל בנימין מאַנדעלשטאַם — אין וועלכן אונזער פאָלק איז אַזוי שטאַרק פאַרזונקען, קען אונז אַרויסהעלפן נאָר דער קיסר מיט זיינע גנאָדן".

און זיי האָבן גע'פּועל'ט ביים קיסר ער זאָל זיי קומען צו הילף. נאָר וויפיל גוטס און כּבוד איז אַרויס דערפון פאַר אידן?

היינט קומט סאַטמאַר און נעמט אַרויס די ווערטער פון דעם אַמאָליגן משכּיל'ס מויל, וואָרט פאַר וואָרט, הויבט זיי אויף פון די היסטאָרישע מיסטן, און קייט זיי און שפּייט זיי אויף מדינת ישׂראל. סאַטמאַר קוקט אויך אויס צו די „מלכים און שׂרים", די באַוואוסטע „צדיקים" פון די אומות העולם, זיי זאָלן קומען זי ראַטעווען פון די רשעים אין ישׂראל.

אין אַן אַנדער עפּאָכע, ניט ווייט אָפּגערוקט פון דער משכּיל'ישער, ווען ס'איז אויפגעקומען דער חסידיזם, און די מתנגדים האָבן געקעמפט געגן דער „סכנה", האָט אַ מתנגד'ישער (מאקאווער) מגיד גע'דרשנ'ט און געזאָגט וועגן די חסידים, אַזוי צו זאָגן:

„מען דאַרף מיט אַלע כּחות רודף'ן דידאָזיגע רשעים; מ'טאָר אויף זיי קיין רחמנות ניט האָבן; מ'דאַרף זיי אַרויסטרייבן פון אידישן ישוב, זיי זאָלן וואוינען אויסער דער מחנה ישׂראל, מ'טאָר זיי ניט אַריינלאָזן איבערנעכטיגן; מ'טאָר זיך מיט זיי ניט מחתּן זיין, ניט צו קבר ברענגען, וואָרים זיי האָבן עובר געווען אויף אַלע מצוות פון דער תּורה". און אין דעמדאָזיגן קאַמף, ווי ס'איז טרויעריג באַוואוסט, האָט מען זיך אויך געווענדט נאָך הילף צו „מלכים און שׂרים".

וויפיל גוטס און וויפיל כּבוד איז דערפון אַרויס פאַר אידן? היינט קומט סאַטמאַר און נעמט אַרויס די ווערטער ביים מתנגד'ישן מגיד פון מויל, וואָרט אין וואָרט, קייט זיי און שפּייט זיי אויף מזרחי, הפּועל המזרחי, אגודת ישׂראל, פּועלי אגודת ישׂראל, סתּם גדולי ישׂראל, און סטראַשעט אויך מיט „מלכים און שׂריב"

און מ׳שטעלט זיך ניט די פראַגע וויפיל גוטס און וויפיל כבוד ס׳וועט דורכדעם אַרויסקומען פאַר אידן. מ׳פאַרגעסט, אַז וואו איר וועט זיך ניט קערן און ווענדן אין דער אידישער געשיכטע וועט איר שטענדיג געפינען דעם אימה׳דיגן פאַקט, אַז יעדעס מאָל ווען אידן האָבן גערופן גוים צו הילף געגן אידן, האָט זיך לסוף אַויסגעגאָסן אַ צאָרן אויפ׳ן גאַנצן פאָלק. נאָר מען הערט ניט די וואָרנונג פון ג־ט, מען פאַרנעמט ניט דעם מוסר השכל פון דער געשיכטע.

מיט צוויי טויזנט יאָר צוריק איז עס געווען. אין יהודה. געווען צוויי ברידער, צוויי פרינצן, הורקנוס און אריסטובולוס, וואָס האָבן זיך געקריגט איבער דער קרוין פון אידישן מלך. דער האָט געוואָלט זיין מלך, און דער האָט געוואָלט זיין מלך. די מחלקת איז געגאַנגען עד לב השמים, און בלוט האָט זיך געגאָסן ווי וואַסער אין די רינשטאָקן. ביז איינער איז אַוועק נאָך הילף צו דרויסן, און דער פרעמדער קעניג אַריטאַס האָט באַלאַגערט ירושלים. נאָר דאָס איז נאָך ווייניג געווען. אין יענער צייט האָט זיך די בייזע מאַכט, רוים, צוגערוקט נאָענט צו יהודה. זי איז אַריין אין סיריע, אין דמשק. האָט הורקנוס אין דער שטיל זיך געווענדט נאָך הילף צום רוימישן „גאַסט״ אין דמשק, און אריסטובולוס האָט זיך אויך געווענדט צו דעם זעלבן. און רוים איז געקומען „מאַכן אָרדנונג״ אין אידישן לאַנד. נאָר זי איז שוין פון דאָרט ניט אַוועק. זי איז דאָרט געבליבן, ביז זי האָט חרב געמאַכט די מדינה, האָט פאַרברענט דעם בית המקדש און האָט פאַרטריבן די אידן אין גלות. אין דעם היינטיגן, לאַנגן, צוויי־טויזנט יעריגן גלות. אין דעם גלות וואָס האָט זיך געענדיגט ווען ס׳איז אויפגעשטעלט געוואָרן מדינת ישראל.

נאָר נאָך איידער די מדינה איז רעכט איינגעשטעלט, די הייזער זיינען נאָך אָהן פענסטער און די פענסטער אָהן שויבן, ערשט מ׳רופט שוין ווידער צו „גוטע פריינט״ פון „זאגראניצע״, מלכים און שרים, צו קומען „העלפן״, צו קומען ראַטעווען. און ווער רופט ? „גדולי גאוני וצדיקי דורנו״, ווי די סאַטמאַרער רבנים באַצייכענען זיך אַליין אין זייער קריגס־דערקלערונג געגן מדינת ישראל. און ווידער איז די אידישע וועלט פול געוואָרן מיט ברודער־קריג און ברודער־שנאה, די שרעק־לעכסטע פון אַלע שנאה׳ס. ג־ט האָט געוואָלט וויזן וואָס אמת׳ע שנאה איז, האָט ער באַשאַפן ברידער אויף דער וועלט, זאָגט ערגעץ דער אידיש־דייטשישער שריפטשטעלער מאָריץ היימאַן.

בלויז אין אַזאַ שנאה האָט געקענט פאַרפאַסט ווערן אַזאַ פאַרפאַסונג ווי ס׳איז געווען דער אַנאָנס אין דער „טאַימס״. אַלע גיפטן פון אַלע

אידישע מחלקתן אין אַלע דורות זיינען אַריינגעפּרעסט געוואָרן אַהער געגן מדינת ישראל. ווייל מדינת ישראל איז די קולמינאַציע פון אַלע טריבן פון אַלע דורות. ווען נאָר איך זע דידאָזיגע דרוק־זאַך מיט די דריבנינקע אותיות אין מיין דמיון, זע איך זי נאָר ווי אַ שפּינוועבס. אַ ברייטע שפּינוועבס געשפּונען און געוועבט פון יענע שפּינען אין דער לעגענדע, וואָס האָבן צוגעטראָגן פייער ווען דער בית המקדש האָט געברענט. און די שפּינען האָבן אַרומגעוועבט מיט שפּינוועבס־שקרים דאָס שיינע פּנים פון ישראל. און די קרבנות זיינען — איך וויל דאָ אויסצייכענען נאָר צוויי: די ישראל־פּאָליציי און די זעלנערינס אין דער ישראל אַרמיי.

די ישראל־פּאָליציי ווערט דאָ אַרויסגעשטעלט שיער ניט ווי די ברוטאַלסטע פּאָליציי אין דער וועלט. דידאָזיגע מסירה מוז קלינגען היימיש אין די אויערן פון די אַמעריקאַנער, ווייל דאָס אייגענע ווערט געזאָגט וועגן דער פּאָליציי אין אַמעריקע. ס׳איז דער גורל פון פּאָליציי צו האָבן אַ שלעכטן נאָמען. ווייל פּאָליציי איז פּויסט, פּאָליציי איז שטעקן, פּאָליציי איז תפיסה. קיינמאָל ניט קיין ליבע זאַכן, בפרט פאַר אַ אידן, צו נעמען אַזעלכע זאַכן פון אַ אידישן פּאָליציסט. יעדער קלאַפּ וואָס אַ איד אין ישראל דערהאַלט פון אַ פּאָליציסט טוט מער וויי. בפרט אַ קלאַפּ אַן איבריגער. און בפרט דער קלאַפּ וואָס האָט גע׳הרג׳עט דעם קרבן פּנחס סעגאַלאָוו ז״ל. געוויסע אידן הייליגן אים ווי אַ קדוש, און ס׳איז רעכט אַזוי. אָבער צי זיינען ניט קיין קדושים אויך די פּאָליציסטן, וואָס האָבן פאַרלאָרן זייערע לעבנס אין קאַמף מיט אַראַבער? האָבן וויליאַמסבורג און סאַטמאַר איבערגעציילט זייער צאָל?

די שונאי ישראל ריידן נאָר וועגן „ברוטאַלקייט״ פון דער פּאָליציי אין די ירושלים׳ער דעמאָנסטראַציעס. נאָר אָט בין איך אויך געווען אין אַזאַ דעמאָנסטראַציע, און אָט וואָס איך האָב דאָרט געזען:

ס׳איז געווען יענעם שבת ווען אַלע שולן אין לאַנד זיינען געבליבן געשלאָסן און אידן האָבן געדאַוונט אין די גאַסן אין אַלע שטעט, ווי אַ פּראָטעסט געגן דער אויסשטעלונג אין חיפה, לּמאי זי איז געהאַלטן געוואָרן אָפן אום שבת. דעמאָלט איז אַלץ אַריבער בשלום, אָהן שום אַרעסטן. נאָר איין אַרעסט איז דאָך פאָרגעקומען, און אים וויל איך דאָ פאַרצייכענען.

אַ בחור האָט זיך מיט עפּעס פאַרזינדיגט און אַ פּאָליציסט האָט אים אָנגעכאַפּט. און דער פּאָליציסט נעמט אַרויס זיין ביכעלע און פרעגט דעם בחור: מה שמך, ווי רופט מען דיך?

מאַכט דער בחור: אַז דו וועסט מיר צוזאָגן אַז דו וועסט ניט פאַרשרייבן אום שבת, וועל איך דיר זאָגן.

ענטפערט דער פאָליציסט: אַז דו וועסט מיר צוזאָגן אַז דו וועסט זיך מאָרגן מעלדן אין דער פאָליציי אָהן פאַרשרייבן, וועל איך ניט פאַרשרייבן.

איך זאָג צו, האָט דער בחור געענטפערט. טוב, האָט געזאָגט דער פאָליציסט, און מען איז זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען בשלום. און אויף מאָרגן, האָב איך זיך דערקונדיגט, האָט דער בחור זיך געמאָלדן.

אַן אַרעסט אויף אידישער נאמנות, לכבוד שבת — אָט אַזעלכס איז דאָס כאַראַקטעריסטישע וואָס צייכנט אָפּ די ישראל־פאָליציי אין דער וועלט! נאָר דאָס זעט ניט דער ווייטער בליק פון דעם רבי׳ן, וואָס זעט, כידוע, וואָס אין הימל טוט זיך, נאָר זעט ניט קיין גוטס אין ישראל און קיין רעכטס אין ירושלים.

איצט וועגן די זעלנערינס. אויף דער פאָליציי האָבן די שפינען פון דעם אַנאַנס גערעדט צאָרן, אויף די זעלנערינס האָבן זיי אַרויפגעלייגט שאַנד. פשוט באַשולדיגט די אידישע זעלנערינס אין אונמאָראַלישן לעבן אין דער אַרמיי. הרב אליעזר סילווער האָט אויסגעשריען געגען דער נבלה צו שענדן דעם כבוד פון אידישע טעכטער אין די אויגן פון דער וועלט. מיר איז אַ חידוש צי וואָלט די „טאַימס" געלאָזט דרוקן אַזאַ שענדלעכע באַרעדעריי אויף די מיידלעך אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי.

זייענדיג אין ישראל בין איך אומגעפאָרן אַ סך מאָל איבער די מענע־רישע קאַזאַרמעס, און אָט בין איך איינמאָל געפאָרן אָנקוקן מיידלשע קאַזאַרמעס. ס׳איז געווען ערב פסח. מיר זיינען געפאָרן אַ גרופּע. געווען אין דער גרופּע אַ הויכער אָפיציר. פונדעסטוועגן איז דער צוטריט צו דער קאַזאַרמע געווען אומגעהויער שווער. דער סאַטמאַרער איז זיכער ניט אַזוי בודק די פעדים פון זיינע ציצית, ווי פאָרזיכטיג מ׳האָט דאָ קאָנטראָלירט אונזערע פאַפּירן. ביים אַיינגאַנג איז געשטאַנען אַ גרויסער פאָליציי־וואָגן. אַזאַ וואָגן האָב איך ניט געזען ביים אַריינגאַנג צו די מענער, און איך האָב געפרעגט דעם טעם. האָט מען מיר דערקלערט: דער וואָגן שטייט דאָ, כדי טאָמער מאַכט זיך און אַ בחור „פאַרבלאָנ־דזשעט" אַהער, איז גלייך אין וואָגן אַריין און אין חד גדיא.

ענדלעך האָט מען אונז דורכגעלאָזט. מיר זיינען אַריין, און וואָס האָבן מיר דערזען? געשטאַנען מיידלעך־זעלנערינס און האָבן גע׳כשר׳ט די קעסלען און די טעפּ אויף פסח. און מיט אַזאַ ערנסט און אַזאַ „מיליטערישער" טיכטיגקייט, אַז דער סאַטמאַרער אַליין האָט דאָ גע־מעגט עסן פסח....

אָפּגערעדט פון דער פראַגע פון גיוס נשים, נאָר די זעלנערינס אין דער ישראל־אַרמיי, ווי אַלע מיידלעך, בענקען געוויס נאָך אַ שיין קליידל, זיידענע זאָקן, אוירינגלעך און אַנדערע זאַכן וואָס זיינען ווייבערישע שוואַכקייטן. נאָר אַנשטאָט דעם, גייען זיי אַוועק אין זאַמדיגע מדבריות, בויען ישובים, נעמען־אויף די קראַנקע און פאַרוואַרלאָזטע פון די גלות׳ן און וואַשן זיי די קעפּ און היילן זיי די קרעץ און בויען ארץ ישראל: וואו איז היינט אין דער וועלט פאַראַן אַ פרויען־טיפּ וואָס קען זיך פאַרגלייכן מיט דער ישראל־זעלנערין אין אידעאַליזם? און ווער קען זי איבערשטייגן אין אהבת ישראל?

און געגען איר גייט עס דער סאַטמאַרער רופן מלכים און מאָביליזירן פעלקער!

מיר האָבן געפונען אַ פאָרגענגער פון דעם רבי׳ן, דעם קעניג אָסאָ, וועלכער האָט אַמאָל גערופן אַ פרעמדן קעניג געגן ברידער־אידן. לאָמיר גיין זען וואָס נאָך דאָרט איז געווען דער סוף.

ווען דער נביא איז געקומען צו אָסאָ׳ן און אים געזאָגט: דו האָסט געזינדיגט, איז אָסאָ אַריינגעפאַלן אין גרימצאָרן און האָט דעם נביא אַריינגעוואָרפן אין תפיסה. און ער האָט אויפ׳ן פאָלק אויך אויסגעלאָזט זיין כעס און גע׳הרג׳עט אַ סך פון זיי: „וירצץ אָסאָ מן העם בעת ההיא״, איז דער נוסח אין פּסוק, דאָס איז טייטש: ער האָט צעשטויסן (אַ סך) פון פאָלק אין יענער צייט.

דאָס איז געווען דער סוף....

נאָר גאָר אויסטערליש איז געווען דאָס וואָס אָסאָ האָט זיך אָפּגע־קערט פון ג־ט אַליין אויך. פריער איז ער געווען פרום ווי זיין זיידע דוד המלך, און איצט, ווען ער איז קראַנק געוואָרן, דערציילט דער פּסוק, האָט ער שוין ניט מתפלל געווען צו ג־ט, נאָר האָט זיך פאַרלאָזן בלויז אויף די דאָקטוירים (דברי הימים ב, טז, יב).

דער סוף איז געווען — כפירה....

ווי האָט אַזאַ זאַך געקענט געמאָלט זיין? אַזאַ הייסע פרומקייט, וואוהין איז זי אויסגערונען? און צו וואָס דערציילט אונז דער פּסוק אַלץ אַזוי גענוי?

צו לערנען דיר, אַז פרומקייט, אונטער וועלכער ס׳איז רעכט צו העצן עשו׳ן געגן יעקב׳ן, מעג זי זיין ווי שטאַרק, איז אין אמת׳ן אַ פרומקייט אָהן ג־ט. עס מיינט זיין אָפּגעקערט פון ג־ט, מעג עס זיין דער קעניג פון יהודה אָדער דער רב פון סאַטמאַר. און אַ סכנה ליגט אין אַזאַ פרומ־קייט: זי איז קאַפּאַבל צו צעטרעטן דאָס פאָלק מיט די פיס. ווי אין פּסוק שטייט: „וירצץ אסא מן העם בעת ההיא״.

איך בעט דעם לעזער ער זאָל מאַכן אַ באַזונדערע אָנשטרענגונג און מיט אַ באַזונדערן פלייס זיך אַיינבערענען אין זכרון דידאָזיגע זעקס ווערטער פון ג־ט׳ס ספר, וואָס זייער טייטש איז: „און אָסאָ האָט צע־שטויסן אַ טייל פון פאָלק אין דערדאָזיגער צייט״, פאַר כעס. ווייל דידאָזיגע זעקס ווערטער האָבן אַ שרעקלעכע פאַסיגקייט צו דעם ענין וואָס מיר באַטראַכטן דאָ און צו די טעג וואָס מיר לעבן איבער אין דער איצטיגער צייט. לייענט און ציטערט־אויף:

דעם טאָג ווען די איצטיגע ווערטער זיינען געשריבן געוואָרן האָט די סאַטמאַרער פירערשאַפט אָפּגעהאַלטן אַ זיצונג אונטער דעם פאָרזיץ פון דעם רבי׳ן אַליין. עס זיינען באַטראַכט געוואָרן ווייטערדיגע פּלענער און ווייטערדיגע סטראַטעגיע געגן מדינת ישראל. האָט זיך אויפגע־שטעלט איינער פון די אַנוועזנדיגע, אַ רב, הפּנים איינער מיט ספיקות אין האַרצן, און זיך ווענדנדיק צום יושב ראש, האָט ער געזאָגט:

— רבי, זאָג אונז ווי ווייט מיר קענען גיין. ווי ווייט מיר מעגן גיין. וואו איז די גרעניץ?

ס׳איז ניטאָ קיין גרעניץ, — האָט דער סאַטמאַרער געענטפערט — מיר וועלן גיין אָהן אַ גרעניץ, ביז „יהרג ואל יעבור״....

(„יהרג ואל יעבור״ מיינט: אַפילו ביז גע׳הרג׳עט ווערן און זיך ניט אונטערגעבן).

האָט דער פרעגער באַמערקט: דאָס מיינט, י ע נ ע ר זאָל גע׳הרג׳עט ווערן . . . און ער האָט זיך פאַנאַנדערגעוויינט....

אָט דאָס איז אַן אויטענטישער באַריכט פון יענער זיצונג אַרויס. און אויב איר וועט מיך פרעגן פונוואַנען איך ווייס עס, וועל איך אַייך ענטפערן מיט׳ן שפּריכוואָרט: הימל און ערד האָבן געשוואוירן אַז קיין פאַרברעך זאָל ניט בלייבן פאַרבאָרגן....

אַצינד קענט איר זען, גוטע אידישע קינדער, ווי נאָענט מיר שטייען ביי דעם אָפּגרונט וואָס ליגט אין יענע זעקס ווערטער פון דעם געטלעכן ספר, גליענדיגע מיט׳ן פייער פון געטלעכער וואָרנונג:

וירצץ אָסאָ מן העם בעת ההיא....

דידאָזיגע לייט זיינען קאַפּאַבל די מדינה חלילה אומצוברענגען....

# ביים שטן אין נעץ

אין אָנהויב האָבן די סאַטמאַרער נטורי קרתא זיך באַוויזן אין די גאַסן, אויפצורייסן די אויגן פון די גוים, ביי ספּעציעלע געלעגנהייטן. שפּעטער אָבער, ווען זיי האָבן זיך גענומען איינזעצן ווי אַ פעסטע, שטענדיגע „כת״, ווי אַ קריגערישער שבט געגן מדינת ישראל, האָבן זיי דערפילט אַז ס׳איז בעסער צו האָבן אַ „פירמע״, מיט אַ שילד, און די שילד זאָל טראָגן אַ שלאָגוואָרט וואָס זאָל אויסדריקן אַ ברייטן פּרינציפּ און דינען ווי אַ מין פּלאַטפאָרם. און זיי האָבן זיך פּראָקלאַמירט אַלס „נאַציאָנאַלער קאָמיטעט פאַר רעליגיעזער פרייהייט אין ישראל״.

דאָס איז געווען אַ קלוגער, אַפילו אַ כיטרער איינפאַל. דער געשריי „רעליגיעזע פרייהייט״ איז אין אַמעריקע שטענדיג אַ שלאָגוואָרט וואָס קען פאַרכאַפּן אַ סך אויערן. קיין פּרינציפּ ווערט ניט אַזוי געטריי אָפּגעהיט אין אַמעריקע ווי דער פּרינציפּ פון רעליגיעזער פרייהייט.

יאָ, ס׳איז געווען אַ כיטרער איינפאַל פון דעם רבי׳ן. אָבער הפנים אַז דער שטן, ער איז נאָך כיטרער אַפילו ווי דער רבי. וואָרים ער האָט דאָ דעם רבי׳ן אַריינגענאַרט אין זאַק אַריין, אין אַ נעץ אינאיינעם מיט די כופרים, רחמנא ליצלן....

וואָרים וואָס הייסט „רעליגיעזע פרייהייט״ אין אַמעריקאַנער באַגריף?

ס׳איז ניט שווער אין אַמעריקע צו דערגיין די זאַך. דער ענין ליגט אויסגעשפּרייט איבער אַ מיליאָן בלעטער אין אַלע אַמעריקאַנער ביב־ליאָטעקן. איך נעם אַ קלאַסיש ווערק אויף דעם געביט: „רעלידזשיאָס ליבערטי״, פון פּראָפעסאָר סערלי בעיטס. דאָרט ווערט געבראַכט אַ דעפיניציע פון „רעליגיעזער פרייהייט״ פון פּראָפעסאָר לוטהער וועיגלי, פון יעיל אוניווערזיטעט. פּראָפעסאָר וועיגלי רעכנט אויס די רעליגיעזע רעכט פון דעם יחיד באַזונדער, און פון אַ ציבור אָדער „קירכע״ באַזונדער. און די רעכט פון דעם יחיד דריקט ער אויס אַזוי: „צו גלויבן אין גאָט אַזוי ווי איינעמס פאַרשטאַנד און געוויסן דיקטירן״, אָבער אויך „נישט צו גלויבן אין גאָט, אָפּצולייקענען רעליגיע, און צו האַנדלען, רעדן, אַגיטירן און גרינדן פאַראיינען לויט דעמדאָזיגן אומגלויבן אָדער אַטעאיזם״.

בנוגע אַ ציבור אָדער קירכע, שטעלט אויס פּראָפעסאָר וועיגלי אַ ליסטע פון רעכט „זיך צו פאַרזאַמלען און פראַוון עפנטלעכן גאָטעס־דינסט אָהן שום באַגרעניצונגען". און די אַלע רעכט פון די גלויביגע, שרייבט ער, „געהערן פונקט אַזוי צו אָרגאַניזירטע גרופּן פון אומ־גלויביגע אָדער אַטעאיסטן".

יעדער איינער וואָס איז פילוויניג באַקאַנט מיט דער אַמעריקאַנער געשיכטע, מיט דער אַמעריקאַנער געזעצגעבונג און דער אַמעריקאַנערווירקלעכקייט, ווייס, אַז דידאָזיגע דעפיניציעס זיינען ריכטיגע און אַז דאָס איז דער אַמעריקאַנער דרך.

אַצינד שיקט זיך צו פרעגן: ווען דער רבי טרעט אַרויס אַלס טשעמפּיאָן פון רעליגיעזער פרייהייט אין ישראל, צי מיינט ער צו קעמפן דאָרט פאַר'ן רעכט פון אַנדערע „ניט צו גלויבן אין ג־ט" און „אָפּלייקענען רעליגיע" אַזוי ווי ס'איז אין אַמעריקע? צו באַשיצן די „אָרגאַניזירטע גרופּן פון אומגלויביגע אָדער אַטעאיסטן", ווי ס'איז דער דרך פון אַמעריקע? קיין אַנדער רעליגיעזע רעכט ווי אַמעריקע אַליין האַלט פאַר ריכטיג, קען דאָך דער רבי ניט פאַרלאַנגען זי זאָל גיין אַיינפירן אין ישראל!

אויב אַזוי, אויב זיין שילד „נאַציאָנאַלער קאָמיטעט פאַר רעליגיעזער פרייהייט אין ישראל" מיינט עפּעס, נעמט גאָר דער רבי אונטער זיינע פליגל די חפשים אין דער אידישער מדינה, די פרייע וואָס פאָדערן פרייהייט אויף אַטעאיזם, עפנטלעכן חילול שבת און דאָסגלייכן.

אויף דעמדאָזיגן דרך פאָדערט דער רבי רעכט פאַר די מיסיאָנערן אין ארץ ישראל אויך.

דאָס איז דער פועל יוצא לויט דער פירמע וואָס ער האָט זיך אויפ־געשטעלט, אונטער וועלכער ער וויל זיך שאַפן אַ באַזע אין אַמעריקע פאַר מלחמה געגן ישראל.

און אַזוי גאַנץ פלוצלינג דערזעען מיר דעם רבי'ן אין גאָר אַ נייער ראָלע, אין דער ראָלע פון אַ גרויסן ליבעראַל אין רעליגיעזע ענינים, געענוי ווי אַ רעפאָרם־ראַבאַי. מיר דערזעען אים האַנט־אין־האַנט מיט יצחק גרינבוים'ען, מיט מפ"ם, וועלכע פאָדערן אויך רעליגיעזע פרייהייט אין ישראל נוסח אַמעריקע....

איז עס אַ שיינער וויץ, נאָר אַ טייוולשער. דער סאַטמאַרער האַלט, אַז אין ישראל הערשט ניט די השגחה פון דעם אויבערשטן, נאָר דער שטן, דער ס"ם הערשט דאָרט. ערשט דער שטן האָט דעם רבי'ן אַליין אַריינגענאַרט אין אַ זאַק וואָס איז כולו שעטנז און אים צונויפגעוואָרפן אינאיינעם מיט אַלע חפשים און כופרים....

און אפשר דער שטעכיגסטער פון אַלע זיינע וויצן איז דאָס פאָלגענדע:
לויט דעם אַמעריקאַנער אײַנשטעל אין רעליגיעזער פרייהייט, האָבן די פרייע פולע רעכט געהאַט אַפילו צו בויען דעם געמישטן שווים־באַסיין אין ירושלים....
אפשר ניט רעכט געטאָן, אָבער רעכט געהאַט.
נאָר דאָס איז נאָך אויך ניט אַלץ.
לויט דעם רבי׳נס אַמעריקאַנער רעצעפּט, דאַרף מען אין ישראל נעמען און אַרונטערבויען רעליגיע, ניט זי בויען נאָך העכער.
וואָרים אָט איז דאָ אַ רעליגיע־מיניסטעריום אין ישראל: איז דאָ אַזעלכס אין אַמעריקע? ניין. קען אַזעלכס זיין לויט די אַמעריקאַנער באַגריפן פון רעליגיעזער פרייהייט? ניין און ניין. וואָרים אין אַמעריקע איז רעליגיע קאָנסטיטוציאָנעל אָפּגעטיילט פון שטאַט.
עס זיינען דאָ אין ישראל רעליגיעזע קינדער־שולן וואָס די רעגירונג האַלט אויס, דער בית ספר ממלכתי דתי. די ישראל־רעגירונג גיט אויך גרויסע סומען אויף ישיבות. קען אַזעלכס זיין לויט אַמעריקאַנער טעאָריע און פּראַקטיק פון רעליגיעזער פרייהייט? געוויס ניט.
אין מדינת ישראל הערשט די רעליגיעזע הייראַט; ציווילע הייראַט איז ניט דערלאָזט. אין אַמעריקע איז ציווילע הייראַט אַליין געגנוג אין די אויגן פון געזעץ.
קיין פּאָליטיש־רעליגיעזע פּאַרטייען קענען ניט געמאָלט זיין אין אַמעריקע.
אַזוי קען אויסגעשטעלט ווערן אַ רייסטער פון רעכט און אומרעכט, אַרומנעמענדיג דאָס גאַנצע מענטשליכע לעבן, וואָס וועט ווייזן, אַז וואָס ס׳איז רעכט אין ישראל איז אומרעכט אין אַמעריקע. ניין, אַמעריקע קען בשום אופן ניט דינען ווי אַ מאָדעל פאַר מדינת ישראל אין דעם געביט פון רעליגיעזער פרייהייט.
דעריבער, צו קומען צום אַמעריקאַנער, אין גאַס צי אין קאָנגרעס, און שרייען: קום ראַטעווע, עס פעלט ר ע ל י ג י ע ז ע פרייהייט אין ישראל! — הייסט אין אמת׳ן, אַגיטירן געגן דער אמונה און אירע דערגרייכונגען אין דער מדינה.
אין בעסטן פאַל הייסט עס, שטעלן זיך אַליין אין אַ קאָמישער סתירה.
נאָר הפנים ניט בלויז לויט׳ן אַמעריקאַנער רעצעפּט וואָלט מען געדאַרפט פאַרקלענערן אָדער אָפּשאַפן די רעליגיעזע רעגולאַציעס אין דער אידישער מדינה, נאָר אין אמת׳ן לויט׳ן רבי׳נס אייגענעם רעצעפּט אויך.
לויט אַ מאָדנער לאָגיק פונ׳ם רבי׳ן קומט אויס אַז ס׳איז נאָך דאָ צופיל רעליגיע אין מדינת ישראל. הערט און שטוינט:

למשל: שבת און יום טוב פונקציאָנירן ניט די אויטאָבוסן אין גאַנץ מדינת ישראל, מיט דער אויסנאַם פון חיפה. די רעליגיעזע עלעמענטן און פּאַרטייען קעמפן דאָ פאַר אַלץ שטרענגערע און שאַרפערע רעגו־לאַציעס. זיי האַלטן עס פאַר איינע פון די גרעסטע דערגרייכונגען אין שמירת שבת אין דער מדינה.

קומט דער סאַטמאַרער און זאָגט: ניין, דערמיט האָט מען נאָר פאַר־שפּרייט מער חילול שבת. חידוש׳ט איר זיך: ווי אַזוי?

ברייעט אויס דער רבי: פאָרן אום שבת איז אין זיך אַליין ניט קיין איסור דאורייתא. וואָס מען טאָר ניט איז אָנצינדן די געזאָלין וואָס טרייבט דעם אויטאָמאָביל. נו, טענה׳ט דער רבי, ווען די אויטאָבוסן האָבן אָפּערירט אים שבת, האָט איינער אָנגעצונדן די געז, זיינען געפאָרן פופציג פּערזאָן; היינט נעמען די פופציג פערזאָן טאַקסיס, צינדן אָן די געז פופציג טאַקסי־טרייבער, זיינען פופציג מחלל שבת.

נאָך אַ גרעסערע דערגרייכונג אין געביט פון אמונה איז געווען די איינשטעלונג, אַז גט׳ן און קידושין זיינען ניט קיין ציווילער ענין, נאָר אַ רעליגיעזער, און ווערן געגעבן בלויז פון ראַבינאַט.

קומט ווידער דער רבי און זאָגט: דערמיט האָט מען נאָר פאַרשפּרייט מער זנות.

וואונדערט איר זיך ווידער: ווי אַזוי? פסק׳נט דער רבי על פּי דין און הלכה אַזוי:

דאָס איז דאָך "ידוע" אַז די ווייבער פון די פרייגעזאָגענע גייען נאָך דער חתונה אַוועק זינדיגן מיט פרעמדע מענער. איז ווען די קידושין זאָלן ניט זיין דורך קיין רב מובהק, וואָלטן די ווייבער געווען פנויות, דעמאָלט וואָלט דער חטא ניט געווען אַזוי גרויס. אָבער מיט ריכטיגע חופה וקידושין זיינען זיי דאָך אשת איש, איז דער חטא גרעסער.

דעריבער צוריק די אויטאָבוסן אים שבת? קידושין און גט׳ן ניט דורך אַ רב, נאָר דורך אַ ציווילן באַאַמטן?

אַזוי נעבעך צאַפּלט זיך דער רבי אין נעץ פון דעם שטן, און אויפ׳ן שילד פון דעם רבי׳נס פירמע "קאָמיטעט פאַר רעליגיעזער פרייהייט אין ישראל" שטייט אַ שד׳ל און מאַכט אַ לאַנגע נאָז...

לסוף דאַרף מען נאָך אויפדעקן פאַר אַמעריקע דעם סוד וואָס דער רבי טוט זאָרגפעלטיג באַהאַלטן, דעם סוד, אַז איינס פון די פרייהייטן וואָס די נטורי קרתא אין ישראל פאָדערן, איז צו מאַכן דעמאָנסטראַציעס אין די גאַסן אָהן אַ דערלויבניש פון דער פּאָליציי, ווייל זיי אָנערקענען ניט די מדינה.

דעמדאָזיגן פונקט דאַרף מען ריכטיג פאַרשטיין, ווייל פון אים נעמען זיך אַלע צרות וואָס די מדינה האָט פון די נטורי קרתא, און די נטורי קרתא פון דער מדינה.

די נטורי קרתא אָנערקענען ניט די מדינה. דעריבער, ווען זיי ווילן מאַכן אַ דעמאָנסטראַציע אין די גאַסן, ווענדן זיי ניט גיין צו דער פּאָליציי נאָך אַ דערלויבניש. זיי נעמען און מאַכן. זיי טרעטן אַרויס וועלכע צייט פון טאָג זיי פאַלט איין, און נעמען פאַר זייער מאַרשרוט גאַסן וועלכע זיי געפעלט. פאַרשטייט זיך, אַז די פּאָליציי קען אַזאַ אַנאַרכיע אין שטאָט ניט דערלויבן, און זי פאַרשטעלט דעם וועג פאַר אַזעלכע דעמאָנסטראַציעס. קומען אומפאַרמיידלעך אַרויס די צוזאַמענשטויסן, וועגן וועלכע די נטורי קרתא מאַכן זייערע גרויסע גוואַלדן איבער דער וועלט.

וויפיל סימפּאַטיע וואָלט דידאָזיגע פאָדערונג געפונען אין אַמעריקע? אַפילו דער ליבעראַלסטער סופרים קאָורט וואָלט ניט אַנערקענט אַז אַזאַ פאָדערונג קומט אונטער'ן דאַך פון רעליגיעזער פרייהייט. דאָס איז ניט קיין רעליגיעזע פרייהייט; דאָס איז אַנאַרכיזם. און ניט קיין אַנאַרכיזם, נאָר אַנאַרכיע. איז אַנאַרכיזם אָדער אַנאַרכיע — אידישקייט?

אין ליכט פון דידאָזיגע פאַקטן דערשיינען דאָ פאַר אונז די רעליגיעזע צדדים גאָר אין אַ נייעם שיין: פאַרוואָס שטייען דער מזרחי־הפועל המזרחי, די אגודה און פועלי אגודת ישראל אין מדינת ישראל? — זיי שטייען פאַר תורה און אמונה. און פאַרוואָס שטייט דער סאַטמאַרער? — פאַר „רעליגיעזער פרייהייט".

מזרחי שטייט אויף זיין אַלטן לאָזונג: ארץ ישראל לעם ישראל על פי תורת ישראל. ער אַרבייט פאַר אַ תורה'דיגער מדינה.

און דער סאַטמאַרער רבי שטייט פאַר אַ „פרייער" מדינה.

מיינט עס, אַז מזרחי איז געגן פרייהייט פון געוויסן אין דער מדינה? חס וחלילה! נאָר מען דאַרף עס פאַרשטיין אַזוי: אין דער וועלט איז געוואָרן פּאָפּולער דער לאָזונג: רעליגיע איז אַ פּריוואַטע זאַך. די סאָציאַליסטישע באַוועגונגען האָבן דעם דאָזיגן לאָזונג פּראָקלאַמירט פאַר דער געזעלשאַפט פון דער צוקונפט. קומט דער רעליגיעזער איד און זאָגט:

דאָס איז אפשר אַ גוטער לאָזונג פאַר אַנדערע פעלקער, נאָר ניט פאַר אידן. פאַר אידן דאַרף דינען אַ פאַרקערטער לאָזונג: פריידענקעריי איז אַ פּריוואַטע זאַך; די אומה איז רעליגיעז.

און וועגן דעם קעמפט מען אין דער מדינה. מ'קעמפט צווישן זיך, ווי אידן מיט אידן. און זייער פיל איז דערגרייכט געוואָרן.

רעליגיעזע אידן זיינען פארטראָטן אין דער רעגירונג פון ישראל זינט איר גרינדונג, און די גרויסע רעליגיעזע דערגרייכונגען זיינען באַקאַנט צו יעדן: אַ מיניסטעריום פון רעליגיע אין ישראל וואָס גיט יערלעך מיליאָנען פונטן צו העלפן רעליגיעזע אינסטיטוציעס און צו פאַרשטאַרקן דעם אידישן דת אין מדינת ישראל; די געזעצן וועגן גט'ן, קידושין און די רעליגיעזע געריכטן; די פאַרשידענע פאָרמען פון רעליגיעזן חינוך און ישיבות, וואָס ווערן געשטיצט פון דער רעגירונג; שבת און כשרות אין דער אַרמיי און אין דעם עפנטלעכן אידישן לעבן —די אַלע זאַכן שטרייכן בלויז אונטער די רעליגיעזע פרייהייט אין ישראל און זיי דערמוטיגן חיזוק הדת אין ישראל.

דאָס אַלץ איז דערגרייכט געוואָרן דורך די רעליגיעזע פאַרטייען און די פרומע עלעמענטן אין דער מדינה, מיט אייגענע כוחות. אָהן דער הילף פון גוים.

דאָ פאַסט זיך אַ שיינער דערהער פון דעם וויזשניצער רבי'ן, הרב ר' חיים מאיר האַגער שליט"א. דער רבי פרעגט:

אהרנ'ס שטעקן איז געוואָרפן געוואָרן פאַר פרעה'ן און איז געוואָרן אַ שלאַנג, און דערזעלבער שטעקן איז אַריינגעשטעלט געוואָרן אין אָרון און ער האָט אַרויסגעבראַכט מאַנדלען. ווי אַזוי איז עס? איז דער ענטפער: דאָרט איז ער געוואָרפן געוואָרן צווישן גוים, דאָ צווישן אידן....

נון, מיר האָבן געלייענט וועגן דער סאַטמאַרער דעמאָנסטראַציע פאַר'ן ווייסן הויז אין וואַשינגטאָן, געלייענט און געשווידערט. אָבער מיר האָבן ניט געהאַט קיין באַריכט וועגן דער פעולה וואָס די שונאי ציון האָבן דאָרט גע'פועל'ט. וואָס פאַר אַ ווירקונג האָט די דעמאָנסטראַציע געהאַט אין וואַשינגטאָן? דער פרעזידענט האָט זיי ניט אויפגענומען. די פרעסע האָט זיי טויט געשוויגן. וואָס־זשע איז דאָרט געשען?

איך האָב שטאַרק געגאַרט צו וויסן, און ענדלעך האָב איך דערהאַלטן אַ באַריכט פון אַן עד ראיה. מר. משה גראַנאָווסקי, אַ איד פון תל אביב, (רחוב ברדיטשבסקי 21), אַ גאַסט אין אַמעריקע, שרייבט מיר:

„אין יענעם שוואַרצן דאָנערשטאָג בין איך צופעליג געווען אין וואַשינגטאָן און האָב מיט מיינע אויגן צוגעזען די שענדלעכע שפיל. איך בין געווען מיט מיינעם אַ פריינט, אַ לאָיער, וועלכער איז אויך אַ מוסמך פון דער ישיבה „תורה ודעת", און זיין באַמערקונג איז געווען: מי שלא ראה חילול השם זה, לא ידע מה הוא חילול השם — דער וואָס האָט ניט געזען דעמדאָזיגן חילול השם, וועט ניט וויסן וואָס אַזוינס איז חילול השם".

האָבן מיר דאָ פאַר זיך דאָס עדות פון צוויי אידן, און זיי האָבן עס אויפגענומען ווי אידן האָבן עס געדאַרפט אויפנעמען. אָבער אונז אינ־טערעסירט דאָ דער עיקר די ווירקונג וואָס די דעמאָנסטראַציע האָט געהאַט אויף ניט־אידן, און מער פון אַלץ אויף אָפיציעלע מענשן פון וואַשינגטאָן, קאָנגרעסלייט און סענאַטאָרן. אויף זיי האָט דאָך סאַטמאַר אויסגערעכנט און געצילט. געצילט — און געטראָפן זיך אַליין אין האַרצן אַריין....

מיין בריוו־באַריכט האָט וועגן דעם אַ קורצע שורה, ניט מער, אָבער וואָס פאַר אַ מורא׳דיגער באַריכט! וואָס פאַראַ ביטערע ווערטער!

„מיין פריינט דער לאָיער — דערציילט ווייטער דער שרייבער — האָט גערעדט אין מיין געגנוואַרט מיט אַ קאָנגרעסמאַן, אַ ניט־איד, וואָס קען הפנים די ביבל, און דער גוי׳אישער קאָנגרעסמאַן האָט געקוקט אויף דער דעמאָנסטראַציע און האָט געזאָגט צו אונז:

„אָט אַזוי זיינען אַייערע אבות געגאַנגען מאַכן דעם עגל, אָט אַזוי האָבן אַייערע עלטערן געשריען: קומט, לאָמיר גיין צוריק קיין מצרים״....

דאַרף מען האָבן מער? עס קען ניט זיין קיין אמת׳ערער און קיין טיפערער פירוש אויף דער טרויער־דעמאָנסטראַציע ווי דידאָזיגע ממש העלזעערישע ווערטער פון דעם גוי. מ׳וואָלט געדאַרפט דידאָזיגע ווערטער אויסשרייבן אויף פאַרמעט און מאַכן פון זיי „מים המאררים״, דאָס ביטערע און פאַרשאָלטענע וואַסער, פאַר סאַטמאַר צו טרינקען....

דער גוי, וועלכער קען געוויס ניט מער ווי אַ שטיקל תנ״ך אין ענגלישער איבערזעצונג, ער האָט מיט אַ צענטן חוש אָנגעטאַפּט די ריכטיגע היסטאָרישע קאַטעגאָריע, אין וועלכער סאַטמאַר פּאַסט זיך אַריין: עס איז שטענדיג געווען אַ שיכט צווישן אידן, וואָס איז געווען געגן גאולה. געווען אַזאַ שיכט אין מצרים וואָס האָט ניט געוואָלט אַרויס; אין בבל וואָס האָט אויסגעקליבן צו בלייבן אין גלות. ס׳איז אַן אַלטער, אונטערערדישער שטראָם וואָס ציט זיך פון דעם דור מדבר׳דיגע מורדים אָן, וואָס האָבן בעסער געוואָלט בלייבן אין אייביגן מדבר, איידער נעמען אויף זיך דעם יאָך פון גאולה.

„אילו היה שם לא היה נגאל״, ווען סאַטמאַר וואָלט געווען אין מצרים, וואָלטן זיי ניט אויסגעלייזט געוואָרן....

# הייליגער באַנדיטיזם

דער סאַטמאַרער רבי, ביי זיין גאַנצער פיל גערימטער גרויסקייט אין לומדות, האָט הפּנים ניט קיין גלויבן, אַז ער קען ווירקן מיט'ן כח פון דער תורה אליין. וואָרים צו דער תורה לייגט ער נאָך צו אַ האַנט אויך, און אַ שטאַרקע דערצו.

מיר פּשוט'ע אידן האָבן דעם גרויסן בטחון, אַז סוף כל סוף וועט דער כח פון דער תורה און די קדושה פון דעם לאַנד גובר זיין איף אַלע פאַרפירערענישן און נאַרישקייטן, וואָס האָבן געפונען אַן אומגאַנג צווישן אונזערע ברידער אין מדינת ישראל. אין די אַלטע צייטן איז אויך אַזוי געווען. ווען מיר בלעטערן דעם תנ"ך געפינען מיר, בעוונותינו הרבים, אויף יעדן צווייטן זייטל און אין יעדן דריטן פּסוק איינעם און דעמזעלבן פזמון: „און ער האָט געטאָן דאָס שלעכטע אין די אויגן פון ג-ט", און ענליכס. אָבער יעדעס מאָל האָט מען געפונען צוריק דעם ריכטיגן וועג און אידן זיינען געבליבן אידן.

דאָס אייגענע קומט פאָר היינט אויך. מ'זעט עס אויף טריט און שריט, אַלע טאָג. חיפה, למשל, איז אַמאָל געווען באַוואוסט אַלס די „רויטע שטאָט", אַזוי שטאַרק איז זי געווען אין ראַדיקאַליזם. אין פאַרשייטן ראַדיקאַליזם. ס'האָט איינמאָל דאָרט געטראָפן, אַז אידן זיינען יום כפור געקומען אין שול אַריין דאַוונען, האָבן זיי געפונען אַלע טירן פעסט פאַרנאָגלט מיט צוועקעס. היינט גרויסט זיך חיפה וואָס זי האָט אויסגע־בויט ביי זיך די גרעסטע שול אין דער מדינה. אין חיפה איז פאַרבאָטן געוואָרן דער פאַרקויף פון חזיר. יאָ, גרויס איז דער כח פון דער תורה.

אָבער סאַטמאַר, ווי מאָדנע דאָס זאָל ניט קלינגען, לעבט ניט מיט אַזאַ בטחון אין דער תורה אַליין. סאַטמאַר האַלט פון „יד החזקה" אויך. סאַטמאַר האַלט פון תורה מיט טעראָר. טעראָר איז ביי איר אויך אַ גאַנצע תורה.

איך האָב עס פריער, בין איך מודה, ניט געוואוסט. נאָר אין אַ טאָג בין איך קלוג געוואָרן, און איבערנאַכט בין איך אַלט געוואָרן. ס'איז געווען דער טאָג און די נאַכט ווען איך בין אַרויס מיט אַ וואָרט געגן סאַטמאַר. און אַ תהום האָט זיך פאַר מיר געעפנט, און איך האָב אַריינ־געקוקט אין דעם תהום און אַ ציטערניש איז באַפאַלן אַלע מיינע גלידער.

ניט פון דעם וואָס סאַטמאַר האָט געטאָן מיט מיר אַליין: דאָס איז אויך שרעקלעך געווען; נאָר פון דעם וואָס זי האָט געטאָן צו אַנדערע. ווי איך האָב זיך דערוואוסט פון בריוו און צושריפטן, וואָס האָבן זיך אַ גאָס געטאָן צו מיר אין אַ שטראָם אָהן אויפהער. איבערנאַכט האָט זיך אָנגעקליבן ביי מיר אַ גאַנצער אַרכיוו, וואָס רעדט אין איין קול און דערציילט איין זאַך פון ווילִיאַמסבורג, אַז אַן איינגעשראָקן פאָלק לעבט דאָרט, אונטער אַ טעראָר־רעזשים פון אַ קליינער אָבער שטאַרק אָר־גאַניזירטער מחנה, און וואַרט אויף דערלייזונג. און דער רעזשים איז סאַטמאַר.

דער אַרכיוו דערציילט פון ביטערע מחלוקתן וואָס זיינען פאַרפירט געוואָרן איבער נישטיקייטן, פון משפחות וואָס זיינען רואינירט געוואָרן, און פון אַ שיינער אידישער שטאָט, ווילִיאַמסבורג, וואָס איר גוטער נאָמען איז באַפלעקט געוואָרן אין די אויגן פון כלל ישראל צוליב די חרפה׳דיגע מעשים פון אַ קליינער עדה.

איך קען איצט רעדן ווי אַן אמת׳ער מומחה. ניט נאָר פון דעם אַרכיוו אַרויס, נאָר פון אייגענער דערפאַרונג אויך. וואָרים „אני הגבר״, אויף מיר אַליין איז אויך אַריבער דער צאָרן פון סאַטמאַר.

ס׳איז געווען אין דעם און דעם טאָג, אין דעם און דעם חודש, ווי די כראָניקעס זאָגן עס, ווען ס׳איז אַרויס מיין ערשטער אַרטיקל, „אַ אידיש קינד האָט געוויינט״ (מאָנטאָג, 23טן יוני, 1958), וואו ס׳איז געזאָגט געוואָרן עפּעס, וואָס האָט, זעלבסטפאַרשטענדליך, ניט געשמעקט אין „הויף״. און באַלד האָבן עס דערשמעקט די הינט וואָס היטן דעם הויף און ווי אויף אַ קאָמאַנדע האָבן זיי זיך אַרויסגעלאָזט אויף מיר און געוויזן די ציין.

דידאָזיגע בריגאַדע פון סאַטמאַר אַרבייט מיטן טעלעפאָן. און באַלד האָט אָנגעהויבן קלינגען מיין טעלעפאָן. אומעטום וואו איך האָב זיך געפונען, אין הויז און אין רעדאַקציע, האָט דער טעלעפאָן גערופן. אָהן אויפהער און אָהן אָפּשטעל. אַז דער טעלעפאָן קלינגט, עפנסטו. עפנסט, און עס גיט אויף דיר אַ ביל אַ קללה. אַמאָל קורץ און שאַרף, ווי „נעם איין אַ מיתה משונה מיט דיין ווייב אינאיינעם״, אָדער „דו לעבסט נאָך?״, און אַמאָל אַ גאַנצער מענה לשון. אָבער שטענדיג גיפטיג, געמיין, רינשטאָקיג.

און אַזוי גייט עס אַ גאַנצן טאָג און אויך אין דער נאַכט. מען לאָזט דיך ניט שלאָפן, מען יאָגט אָהן אויפהער אויף דיר אַ טעראָר און מ׳וויל דיך אַרויסשלאָגן פון די כחות.

גענוי דאָסזעלבע איז געשען מיט אַ צייט פריער מיט קאָלעגע הרב אהרן ב. שורין, ווען ער האָט אין אַן אַרטיקל אין „פאָרווערטס" אָנגע־רירט די קרוין פון סאַטמאַר. דריי וואָכן נאָכאַנאַנד האָט מען טעראָרי־זירט זיין הויז אויף אַזאַ אופן. זיי האָבן דאָס ווייב קראַנק געמאַכט, די קינדער דענערווירט. עס ענטפערט, למשל, אַ קינד דעם טעלעפאָן און אַ שטימע פרעגט: „ראַבאַי שורינ'ס הויז?" „יעס", ענטפערט דאָס קינד, און באַלד דערויף קומט פון דער שטים: „דראָפ דעד" (פאַל טויט), אָדער: „זאָג דיין טאַטן ער זאָל זיך ניט ווייזן אין גאַס אויב ער וויל לעבן". ביז הרב שורין האָט געביטן זיין טעלעפאָן־נומער אויף אַ פריוואַטן, און אַזוי זיך געראַטעוועט.

ענליכס איז געשען ווען דער גאון הרב אליעזר סילווער איז אַרויס מיט זיין שאַרף וואָרט געגן זיי. זיי האָבן אים אויך באַזידלט און באַ־שימפט, באַשימפט אַלע זיינע זעכציג יאָר רבנות און הילפס־אַרבייט, אַריינגערעכנט הילף פאַר די סאַטמאַרער. זיי האָבן אים פאַרוואָרפן מיט בריוו, וואו מ'האָט אים גערופן פושע ישראל, זקן ממרא, גענוצט אויף אים דאָס שרעקלעכע „מורידין ולא מעלין" און אים געוואָרנט, אַז אויב ער וועט זיך באַווייזן אין וויליאַמסבורג וועט ער קיין לעבעדיגער ניט אַרויס....

אין מיין הויז איז עס שוין געוואָרן אַזוי, אַז ווען דער טעלעפאָן האָט אָנגעהויבן קלינגען, האָבן מיר געזאָגט איינע צו די אַנדערע: ס'קלינגט, מ'שילט שוין ווידער!...

נאָר מאָדנע: מיך האָט עס ניט נערוועז געמאַכט, און אַוודאי ניט אָפּגעשראָקן. מיך האָט עס גאָר גוואַלדיג אינטערעסירט. איך האָב עס שטודירט. פאַר מיר איז עס געווען אַ דערשיינונג, אַן אַנטפּלעקונג: אַזעלכס זאָל מעגלעך זיין ביי אידן? איך האָב אַוועקגעלייגט ביים טעלעפאָן אַ ביכעלע און האָב פאַרשריבן די „גאָלדענע" רייד וואָס איך האָב פאַרנומען פון די הייליגע מיילער פון סאַטמאַר. אָט, למשל, איז איין טעלעפאָן־געשפרעך, מיין פרוי האָט געענטפערט. פרעגט מען דאָרט:

„מרס. ליבערמאַן?"

ענטפערט מיין פרוי: „יאָ, ווער רעדט?"

פרעגט די שטימע ווייטער:

„וואָס מאַכט אייער פוס נאָכ'ן עקסידענט?"

(מיין פרוי האָט אין יענער צייט געהאַט אַן עקסידענט מיט אַן אויטאָמאָביל, וואָס האָט איר שווער באַשעדיגט אַ פוס; נאָך צען וואָכן אין שפּיטאָל איז זי נאָך דעמאָלט געגאַנגען אויף קוליעס.)

ענטפערט מיין פרוי:

„ג־ט צו דאַנקען, ס'בעסערט זיך.״

דערויף קומט די שטימע אויפ'ן טעלעפאָן:

„טאָ גייט און צעברעכטביידע פיס, איר מיט אייער מאַן אינ־איינעם״....

פון אַלע פאַרצייכנונגען אין מיין ביכעלע, איז מיר די דאָזיגע די פיקאַנטסטע פון אַלע. איך לייען זי און לייען זי צום וויפילטן מאָל און איך טראַכט:

דערדאָזיגער איד האָט דאָך יענעם טאָג געדאַוונט, און אַוודאי מיט סאַטמאַרער דביקות און כוונה, און איז לאַנג געשטאַנען שמונה עשרה און מיט גרויס פייער געזאָגט די ברכה וואָס בעט אַ רפואה פאַר אַלע קראַנקע פון פאָלק ישראל און זייערע קראַנקהייטן און וויטאָגן; ווי אַזוי האָט ער אין זעלבן טאָג, מיט'ן זעלבן מויל געקענט אויסשפייען אַזאַ קללה אויף אַ קראַנקער פרוי, וואָס איז גאָרניט שולדיג אין מיין זינד געגן סאַטמאַר?

„מיר וועלן אייך פאַרשעלטן!״ — האָט אַריינגערעדט אַן אַנדערער.

זיי מיינען, דידאָזיגע חסידים פון שטן־מר, אַז זיי האַלטן אין זייער האַנט ג־ט'ס שליסל צום אוצר פון קללות און צום אוצר פון ברכות.

אויסער טעלעפאָן איז אויך דאָ אַ פאָסט אין אַמעריקע, און סאַטמאַר קען באַנוצן ביידע צו לעסטערן ג־ט לשם שמים. אָט איז פאַר אַ מוסטער אַ בריוו, ממש אַ מייסטערווערק פון שימפעריי, וואָס איך האָב דער־האַלטן:

„צו מות (חיים) האַסמאַן (ליבערמאַן) ימח שמו וזכרו: — רשע בן רשע, בן בנו של נמרוד הרשע, דו וועסט דאָך קיינמאָל ניט אַרויס פון גיהנום, פושע ישראל בגופו, ווי וואַגסטו מחלל צו זיין אַ ספר תורה וואָס איז קודש קדשים? מומר להכעיס, ביסט דאָך מחלל ומבזה את השי״ת (את השם אלי' תירא לרבות תלמידי חכמים) בפני כל עם ועדה. חצוף מחוצף, ביסט דאָך ניט ווערט אַ שפיי פון צדיק הדור, דעם סאַט־מאַרער רבי שליט״א. עובד עבודה זרה (בעל הציונים), די גאַנצע תוכחה איז דאָך צו ווייניג פאַר דיר. דער ס״מ האָט פון דיר געמאַכט אַ בעל תשובה און האָט דיך צוגעגרייט אַלס שליח מיוחד פאַר דעם גרויסן אידישן חורבן וואָס דו ווילסט אָנמאַכן נאָר דו וועסט עס בעזה״ית ניט דערלעבן. עס איז מיר אַ גוואַלדיגער חידוש, איך בין פשוט נבהל ונשתומם ווי אַזוי דיינע הענט זיינען נאָך ניט געליימט געוואָרן, ווי

אַזוי דיין קאָפּ איז נאָך ניט אָפּגעטריקנט געוואָרן נאָך איידער דו האָסט דיך גענומען צו דיין מטונף ומשוקצ׳דיג געשרייבעכץ.

נאָר זעט אויס, אַז כי לא מחשבותי מחשבותיכם ולא דרכי דרככם ויבוא בעל הכרם ויבער את הקוצים מכרמו, כי כל האומר הקב״ה וותרן יותרו מעיו זאָגן דאָך די חז״ל. וויסן זאָלסטו, אַז אַ איד וואָס גלויבט אין השי״ת וואָלט זיך ניט מטפל געווען מיט אַזאַ פּאַסקודניאַק ווי דו ביסט, ווייל נבלה סרוחה טובה ממך, נאָר איך וויל ניט אַז מיט דיין פאַר־קריפּלטן מח זאָלסטו מיינען מדשתקו רבנן ש״מ דניחה להו, על כן בין איך מוחה און פּראָטעסטיר מיט אַלע מיינע כוחות געגן דיינע מנובל׳דיגע מעשים. השי״ת וואָס איז אַ בוחן לבבות און ווייסט אַז איך מיין אַלץ וואָס איך שרייב דאָ למען שמו יתברך זאָל זיך שוין אָננעמען פאַר זיין כבוד און פאַר׳ן כבוד פון זיינע צדיקים וואָס דינען אים מיט מסירת נפש ונזכה במהרה לראות במפלת שונאינו ונשמח בלבנו בביאת גואל צדקנו במהרה בימינו אמן וכיה״ר.

פּ. ס. דו דאַרפסט תיכף ומיד מחילה בעטן ביים קבר פון שלום אַש י״ש, ווייל דו האָסט אויף אים געשריבן חירופים און גידופים ווייל ער האָט פאַרהערליכט דעם אותו האיש, און דערווייל לאָזט זיך גאָר אויס אַז דו ביסט דאָס דער אותו האיש אַליין. געדענק, טיטוס הרשע האָט אויך געהאַט זיין סוף צו ביסלעך....

הרב משה מנחם וואַרהייט, 757 איסטערן פּאַרקוויי, ברוקלין.״

כדאי אַריינצוקוקן אַביסל טיפער אין דעמדאָזיגן בריוו.

דער שרייבער פון דעם בריוו צייכנט זיך „הרב״. אָבער דאָס באַ־טייט אַמאָל גאַנץ ווייניג. אָט, למשל, פלעגט דער שעיר לעזאזל קריגן „סמיכה״ פון כהן גדול אַליין, און ער האָט אַלץ געטויגט אויף אַ כפּרה....

די וועלט זאָגט, אַז אַ כלי־זיין טראָגט מיט זיך אַ גזלן; אַן אָרענט־לעכער מענש דאַרף ניט גיין מיט קיין מאָרד־געווער: קללות און בזיונות אין מויל טראָגט מיט זיך אַן איש שפל ונבזה, ניט קיין ערלעכער איד.

„הרב וואַרהייט״ צאָרנט, אַז איך האָב „מבזה געווען אַ ספר תורה״. יע, אַ ספר תורה איז די העכסטע קדושה, אָבער אַז עס פעלט איין אות אין איר, איז זי שוין ניט כשר צו לייענען אין איר. אָבער אין דעם סאַטמאַרער׳ס ספר תורה פעלט גאָר אַ סך: וואו איז דער „ואהבת לרעך כמוך״? דער „לא ששנא את אחיך בלבבך״?

„הרב וואַרהייט״ רופט מיך אָן אַן „עובד עבודה זרה״. אָבער וואָס איז נאָך אַזאַ גרויסע עבודה זרה ווי כעס? אונזערע הייליגע ספרים

זאָגן: הכועס אפילו שכינה אינה חשובה כנגדו, ווען איינער איז אין כעס איז אַפילו די שכינה ביי אים גאָרניט. און דער בריוו איז מלא כעס און רציחה.

„הרב וואַרהייט" דערמאָנט דעם „את לרבות תלמידי חכמים", אַז מען איז מחויב צוטיילן כבוד תלמידי חכמים. אָבער אין דעם פּרט זיינען די סאַטמאַרער די ערשטע זינדער. זיי האָבן שוין די גרעסטע פון דור מבזה געווען. איינער פון זייערע, וויבאַלד ער טוט נאָר אָן אַ שטריימל, מעג ער זיין אַ פּראָסטער נפש און אַ קל שבקלים — פאַראַן היפש אַזעלכע אין יענער סביבה — נעמט ער זיך שוין דאָס רעכט מבזה צו זיין רבנים, רביים און תלמידי חכמים, אויב איינער גייט ניט געשפּאַנט אין זיין רבי'ס וואָגן.

„הרב וואַרהייט" דערגייט מיט זיין שענדלעכער שפּראַך אַזש צו מיין פאָטער און זיידעס, וועלכע זיינען שוין לאַנג שוכני עפר. צווישן מיינע „זיידעס" זיינען דאָ ר' ישראל ריזשינער זצ"ל, ר' אהר'על'ע קאַרלינער זי"ע און צדיקים פון אַנדערע גזע'ס. זייער כבוד קען ניט באַליידיגט ווערן.

און אחרי ככלות הכל איז דער „הרב וואַרהייט" איין גרויסער ליגן: וואָרים ס'איז ניט געווען און ניטאָ אַזאַ רב אויף אַזאַ אַדרעס. דער נאָמען און אַדרעס זיינען געווען פיקטיווע.

„הרב וואַרהייט" איז אַ „העלד" אין אַ מאַסקע. ס'איז אַ „גבור" וואָס גיט אַ פּייג אין דער פינסטער און אַנטלויפט. ס'איז פון יענע לייט וואָס שילטן אונטער דער וואָנצע און זידלען אין אַרבל.

אַזעלכע זלזולים פון דידאָזיגע לייט באַליידיגן שוין מער קיינעם ניט. ווען האָבן זיי שוין דען ניט מבזה געווען ביז דעם פּנים אין שטויב אַריין, און נאָך ערגער. דעם גאון ר' אהרן קאָטלער זיינען זיי מבטל מיט „גדול" מיט געננזנפּיסלעך. אויף הרב הרצוג האָבן זיי געשריבן: „מצוה לרוצץ גלגלתו" של הרב הראשי יצחק אַייזיק הלוי הרצוג. אין אַ פּריערדיגער צייט האָבן זיי דעם גאון און צדיק הרב קוק זצ"ל, ווען ער האָט געהאַלטן אין אַריינגיין אין דער חורבה־שול אין ירושלים דאַוונען, פון אַ דערבייאיגן דאַך אַראָפּ אָפּגעגאָסן מיט אַ שעפל ט...

נאָר דאָס שעפּט נאָך אַלץ ניט אויס די דערפינדערישקייט פון סאַטמאַר. ניט מיט ווערטער אַליין, דורך צונג, בריוו און טעלעפאָן, אָפּערירט די סאַטמאַרער גוואַרדיע, נאָר אויך מיט די הענט.

איינמאָל איז געקומען פון ישראל אַ גאַסט, ר' בנימין מינץ, פירער פון די פועלי אגודת ישראל. שבת בייטאָג האָט ער גערעדט אין אַ וויליאַמסבורגער שול, און געוויינלעך האָט ער גערעדט אין שבח פון

ארץ ישראל. האָבן זיי זיך אַ לאָז געטאָן צו דער בימה אַרונטערצושלעפּן דעם רעדנער, אין דער אָנוועזנהייט פון אַ פיר־פינף הונדערט אידן. האָבן אַנדערע ניט דערלאָזט. האָבן זיי אום שבת קודש צעבראָכן די בימה. ביז ס׳איז געקומען פּאָליציי און האָט איינגעשטילט די מהומה.

אין דער האַי־סקול, אויף ראָדני און קיעפּ סטריט אין וויליאַמסבורג, איז געווען אַ מיטינג פון אגודת ישראל. בראש פון די רעדנער איז געווען דער גאון הרב משה פיינשטיין פון ישיבה תפארת ירושלים. איז געקומען אַ סאַטמאַרער גרופּע, און ווען זיי האָבן דערזען די אידישע פּאָן, האָבן זיי זיך אַ לאָז געטאָן צו דער בימה זי אַרונטערצורייסן. און ווידער איז געוואָרן אַ מהומה ביז ס׳איז געקומען פּאָליציי און איינ־געשטילט דעם סקאַנדאַל.

אָפט אין די נעכט אין וויליאַמסבורג, פאַר אַ געוויסן הויז, ווערן פאַנאַנדערגעלייגט פייערן, אין וועלכע מ׳ברענט אידישע צייטונגען. צייטונגען אין וועלכע עס איז דאָ עפּעס געגן סאַטמאַר ווערן עפּנטלעך פאַרברענט אויף אַ שייטערהויפן. אין דער לעצטער וואָך פון יוני, 1958, דינסטאָג, דעם טאָג פון צוויי מאָל כי טוב, האָט מען געברענט די אידישע צייטונגען „פאָרווערטס“ און „טאָג־מאָרגן זשורנאַל“, פאַר אַ גאַנצער ריי בתי מדרשים אין ברוקלין און בראָנקס, און אין עטלעכע ערטער זיינען די שריפות געווען אַזוי גרויס, אַז פּאָליציי און פייער־לעשער זיינען אַרויסגערופן געוואָרן. אַזוי דערציילט מיט טריאומף דער סאַטמאַרער זשורנאַל „דער איד“ (פרייטאָג, יולי 4, 1958).

און נאָך וואַרפן זיי אויף זייערע קרבנות די פאַרהאַסטע נעמען פון היטלער, געבעלס, שטרייכער!

און אָט איז אַ ביישפּיל פון זייער טעכניק אין רדיפות, וואו עס ווערן אַריינגעצויגן די צאן קדשים, תינוקות של בית רבן, יונגע צאַרטע קינדער:

געלעבט אין וויליאַמסבורג אַ חשוב׳ער רב, וועלכער האָט געבעטן צו געבן זיי נאָמען נאָר אין ראשי תיבות, הרש״ב. ער האָט דאָ געהאַלטן דעם כסא הרבנות אין איינער פון די שענסטע קהילות אין וויליאַמסבורג. געהאַט אַן אייגן הויז און אַ לעבנסלענגלעכן קאָנטראַקט מיט זיין קהילה. ער איז געווען אַ מזרחי.

יאָרן לאַנג האָט דער רב געלעבט אין וויליאַמסבורג און געהאָלפן זי פאַרוואַנדלען פון אַ גוי׳אישן קוואַרטאַל אין אַ קוואַרטאַל פון עכטער, טיפער אידישקייט. און אַלץ איז געגאַנגען כשורה ביז די סאַטמאַרער זיינען אַריין אין וויליאַמסבורג. געקומען און דערהערט: אַ רב אַ מזרחי, היתכן? און „עס האָט זיך אָנגעהויבן“.

מיר ווע׳לן אויסרעכענען פיר קאַטעגאָריעס פון פיינונג:

1) טעלעפאָנען בייטאָג און ביינאַכט, מיט קללות און חרמות.

2) פאַרשטאָפונג פון פענסטער. איינמאָל אַרום דריי אַזייגער ביינאַכט האָט דער רב און זיין רבי׳צין דערהערט אַ געדודער אַרום זייער הויז. אַרויסגעשפּרונגען פון די בעטן און צו צו די פענסטער האָבן זיי דערזען ווי דריי באַ׳פּיאות׳טע בחורים, מיט אַ לייטער, האָבן געהאַלטן אין באַקלעפּן די פענסטער פון הויז מיט צירקולאַרן געגן גיוס נשים. אַלע פענסטער זיינען שוין געווען באַקלעפּט, און אינדערפרי איז דאָס ליכט פון טאָג געווען אויסגעשלאָסן פון הויז. אַזוי פלעגן אידישע פענסטער אין נאַצי־דייטשלאַנד באַקלעפּט ווערן מיט „יודע״, „יודע״....

3) פאַרמיסטונג. דערנאָך האָט זיך אָנגעהויבן אַ סדרה — מיסט. יעדער נאַכט פלעגט מען אָנשיטן מיסט פאַר זייער הויז, „גאַרבעדזש״ בלע״ז. ס׳האָט אויסגעזען אַזוי ווי פון גאַנץ ווילליאַמסבורג וואָלט מען צוזאַמענגעבראַכט אַהער דאָס מיסט צום דיספּאָנירן. ביז די פּאָליציי האָט געכאַפּט ביי דער ריינער אַרבייט אַ בחור׳ל מיט פּיאות׳לעך און אַ קאַפּעליוש.

4) תינוקות של בית רבן. ווען דער רב פלעגט גיין אין שול אַריין פלעגן אים נאָכלויפן אינגלעך מיט לאַנגע פּיאות, שפּרינגען אים אין פנים און וואַרפן די פראַגע: ביסט אַ איד? ווען ציסטו זיך אַרויס פון ווילליאַמסבורג?

ער האָט זיך אַרויסגעצויגן . . . („פאָרווערטס״, יולי 29, 1958).

און אַז מ׳רעדט פון נאָכלויפן און מבייש זיין אין די גאַסן: איינמאָל, אין רומעניע איז עס געווען, האָבן סאַטמאַרער גע׳רודפ׳ט אַ אידן, אַ שוחט פון אַנדערן צד, אויף אַזאַ אופן: זיי האָבן געדונגען אַ ציגיינערין מיט אַ קינד, און זי איז מיט׳ן קינד אויף די הענט נאָכגעלאָפן דעם ערלעכן אידן אין די גאַסן און געשריען: ס׳איז דיין קינד . . . דו ביסט דער טאַטע פונ׳ם קינד!...

לסוף נאָך אַן אייגענע דערפאַרונג:

מאָנטאָג, דעם 24טן נאָוועמבער, 1958, אַרום דריי אַזייגער בייטאָג, איז צו מיר אין רעדאַקציע געקומען אַ יונגערמאַן מיט אַ רונדן קאַפּעליוש ווי די סאַטמאַרער טראָגן, מיט באָרד, און פּיאות ביז אַראָפּ די אַקסל, אין לאַנגען טראַכט, מיט אַן איידעלן, גאַנץ סימפּאַטישן פנים, און געזאָגט אַז ער וויל מיט מיר רעדן, אָבער נאָר ביחידות. ווען איך בין געבליבן מיט אים אַליין האָב איך אים געפרעגט זיין נאָמען, האָט ער געזאָגט, אַז ער הייסט יצחק שפּיגל, אַז ער איז אַ ירושלים׳ער

געבאָרענער, אין אַמעריקע ניט מער ווי דריי וואָכן, און אַז ער איז געשיקט צו מיר פון דער גרופּע און רעדאַקציע פון דעם זשורנאַל „דגלנו" (דיגליינו) וואָס גייט אַרויס אין ארץ ישראל. די גרופּע וואָס גיט אַרויס דעם זשורנאַל, האָט ער געזאָגט, איז די „צעירי אגודת ישראל" און זיי זיינען ניט קיין סאַטמאַרער. פאַרקערט, האָט ער געזאָגט, סאַטמאַר רודפ'ט זיי, ווייל סאַטמאַר איז געגן גיין צו די וואַלן אין ישראל, און זיי זיינען פאַר. נאָר דאָך האָט די גרופּע באַשלאָסן זיך אָנצונעמען פאַר סאַטמאַר און געגן מיר — צוליב כבוד התורה. און אָט ווי אַזוי זיי האָבן אויסגעפּלאַנט זייער דרך:

אין דער רעדאַקציע פון „דגלנו", האָט ער געזאָגט, האָט זיך אָנגעקליבן אַ גרויסער מאַטעריאַל געגן מיר. ס'איז אַפילו אָנגעשריבן געוואָרן אַ ראָמאַן וועגן מיר, און ווען דער ראָמאַן און דער מאַטעריאַל וועלן אָפּגעדרוקט ווערן, וועלן זיי מיר פאַרשוואַרצן דאָס פּנים אויף דור דורות. ער האָט מיר אַפילו אָנגערופן דעם נאָמען פון דעם פאַר־פאַסער פון דעם „ראָמאַן". נון, איז ער געקומען מיר זאָגן אין נאָמען פון „דגלנו", אַז אויב איך וועל צוזאָגן, אַז איך וועל מפסיק זיין, און מער ניט שרייבן וועגן סאַטמאַר, וועלן זיי ניט דרוקן זייער שוואַרצן ראָמאַן געגן מיר. נאָר אויב איך וועל ממשיך זיין, וועלן זיי עס אָפּדרוקן און דעמאָלט וועט מיין נאָמען בלייבן צו שאַנד און שפּאָט אויף אַלע צייטן, איך וועל האָבן פאַרלאָרן ביידע וועלטן און קיין תשובה וועט מיר מער ניט העלפן.

איך האָב אים געענטפערט, אַז ער מוז וויסן, אַז די שליחות אין וועלכער ער איז צו מיר געקומען איז פּשוט'ער בלעקמייל און גייסטיגער טעראָר, און איז געגן די געזעצן פון אַמעריקע. איז מילא, די דינים פון דער אידישער מדינה זיינען ביי זיי גאָרניט, אָבער אויף אַמעריקע דאַרף אַפילו ביי זיי חל זיין דער „דינא דמלכותא דינא".

גייט זאָגט די וואָס האָבן אַייך געשיקט — האָב איך אים געזאָגט — אַז איך וועל אונטער קיינע דראָהונגען ניט אויפגעבן מיין רעכט אויף פרייען וואָרט: אויב סאַטמאַר וועט ממשיך זיין צו טאָן דיזעלבע שעדלעכע און מיאוס'ע מעשים געגן מדינת ישראל ווי די וואָס איך האָב פריער קריטיקירט, וועל איך ווייטער קריטיקירן. און איבערהויפּט פאַרשטיי איך ניט ווי אַזוי סאַטמאַר, אָדער אַנדערע אין נאָמען פון סאַטמאַר, ווילן צונעמען ביי אַ מענשן זיין פרייהייט, בשעת זיי אַליין קעמפן כלומרשט פאַר זייער פרייהייט אין מדינת ישראל.

וואָס אַנבאַלאַנגט זייער „מאַטעריאַל" און זייער „ראָמאַן" געגן מיר, האָב איך אים געזאָגט, ווייס איך, און עס ווייס די גאַנצע וועלט, אַז

אין יענעם לאַגער איז מען פּעהיג אויף די ערגסטע בלבולים און די געמיינסטע אויסטראַכטענישן אויף געגנער. זיי האָבן באַשמוצט די כשר׳ע נעמען פון די גרעסטע גדולי תורה. די וועלט ווייס שוין ווי אַזוי זיך צו באַציהען צו זייערע „מאַטעריאַלען״ און „ראָמאַנען״.

אָט דאָס איז דאָס פּנים פון סאַטמאַר.

נאָר נאָך די אַלע זאַכן — נישט געזאָרגט: ס׳איז אַלץ פאָראויס־געזען און פאָראויסגעזאָגט געוואָרן. ס׳איז אַ דערפילונג פון אַ נבואה. ס׳איז אַ סימן פון משיח׳ס צייטן:

אין דעם ספר „דור דעה״ פון הרב יקותיאל קאמעלהאר ווערט געבראַכט פון „אמרי קדוש״ פון דעם „שרף״, דעם רבי׳ן ר׳ אורי סטרעליסקער, אַזוי צו זאָגן:

„באחרית הימים יהיו רביים ושונאי ישראל יהיו כי מי שלא יגרר אחריהם ולא ימלא גרונם וכיסם אותו ישנאו ויסטמו וימררו חייו״. דאָס איז טייטש:

אין סוף פון די טעג וועלן זיין רביים וואָס וועלן זיין שונאי ישראל, וואָרים דער וואָס וועט זיך ניט נאָכשלעפּן נאָך זיי און וועט זיי ניט אָנשטאָפּן די האַלז און די קעשענע, יענעם וועלן זיי פיינט האָבן און האַסן און וועלן אים פאַרביטערן דאָס לעבן....

## „עבירות מעשיות״

מיר וועלן לערנען נאָך אַ קאַפּיטל הייליגן כוליגאַניזם.

איינמאָל, אין משך פון מיין שרייבן וועגן די סאַטמאַרער און זייערע מעשים טובים, האָב איך געדרוקט אַ בריוו פון משה דאלגין, אַ איד אַ תלמיד חכם און משכיל, אויך וועגן די טואונגען פון סאַטמאַרער חסידים אין וויליאַמסבורג. ער האָט געשריבן דער עיקר וועגן דער שנאה וואָס זיי פאַרפלאַנצן אין די הערצער פון זייערע קינדער, צו קינדער וואָס לערנען אין אַנדערע ישיבות, און ניט אין דער סאַטמאַרער ישיבה. ווען יענע קינדער גייען מיט זייערע גמרא׳ס אונטער די אָרעמס, לויפן די סאַטמאַרער קינדער זיי נאָך, און שפּייען אויף זיי און אויף זייערע גמרא׳ס און שרייען „שקץ תשקצנו״....

כדאי, כ׳לעבן, איבערצודרוקן דאָס בריוול דאָ, ווייל זיינע ווערטער העלפן דערגאַנצן דאָס בילד. מר. דאָלגין שרייבט צווישן אַנדערעס:

„. . . די קינדער אין וויליאַמסבורג זיינען אַ באַזונדער טראַגיש קאַפּיטל. ביאַליק האָט אַמאָל געשריבן:

אונטער די גרינינקע בוימעלעך
שפּילן זיך משה׳לעך שלמה׳לעך,
ציצית, קאַפּאָטקעלעך, פּאה׳לעך,
אידעלעך פריש פון די אייעלעך . . .

דאָס האָט ער באַזונגען אונזערע אַמאָליגע קינדערלעך, וועלכע מיר קענען עד היום ניט פאַרגעסן. קינדערלעך פון אַ פאַרשוואונדענער וועלט. ליידער זיינען יענע קינדערלעך מער ניטאָ. אמת, מען קען נאָך אין וויליאַמסבורג געפינען די „ציצית״, „קאַפּאָטקעלעך״, „פּאה׳לעך״, אָבער די „אידעלעך״ זיינען ניטאָ. סאַטמאַר האָט דאָ דערצויגן אַ נייעם דור אידעלעך, קליינע חוצפּה׳ניקעס וואָס מען האָט זיי אויסגעלערנט שעלטן.... אַלס קינד אין אוקראַינע, אַז איך האָב געלערנט ביי שמערל דעם מלמד, האָב איך זיך אויך גע׳חבר׳ט מיט קינדער פון אבנר׳ס חדר און מיט קאָפּל מלמד׳ס קינדער. איך האָב געוואוסט אַז מיר לערנען

די זעלבע תורה אין פאַרשידענע חדרים. אַנדערש איז אָבער אין וויליאַמסבורג. דער סאַטמאַרער רבי וואָלט וועלן אַז אַלע ישיבות זאָלן פוסטעוון, אַבי זיין ישיבה וועט זיין. דאָרט איז מען מדריך די תלמידים, אַז זיי זאָלן די תלמידים פון די אַנדערע ישיבות רודפ׳ן און דערגיין די יאָרן.

„איך האָב געהאַט אַ פריינט אין וויליאַמסבורג, אַ איד אַ תלמיד חכם, זיין פרוי — אַ געוועזענע לערערין אין אַ בית יעקב שולע, אַ היינטיגע ברוריה, קינדער האָבן זיי, אויף אַלע אידן געזאָגט געוואָרן. וועדליג זיי לערנען בין איך זיכער, אַז זיי וועלן זיין צוקונפטיגע אָרטאָדאָקסישע רבנים בישראל. אָט דער פריינד מיינער האָט געמוזט אויפגעבן זיין הויז און געשעפט און אַנטלויפן פון וויליאַמסבורג אַזוי ווי פון אַ שרפה. ער האָט געקענט דולדן די אַלע פאַרפאָלגונגען וואָס די סאַטמאַרער האָבן אָנגעווענדט געגן אים און זיינע ביזנעס, אָבער דער בעכער איז פול געוואָרן מיט גאַל ווען מען האָט זיך גענומען צו זיינע קינדער.... ווען זיינע קינדער פלעגן גיין פון דער ישיבה וואו זיי האָבן געלערנט, מיט די גמרא׳ס אונטער זייערע אָרעמס, פלעגן די סאַטמאַרער תלמידים׳לעך זיי נאָכלויפן, שפייען אויף זיי מיט זייערע גמרא׳ס, און דערביי געזונגען שקץ תשקצנו ותעב תתעבנו כי חרם הוא....

איך גלויב אַז דער גרעסטער פאַרברעכן פון סאַטמאַר איז דאָס פאַר׳סמ׳ען די מוחות פון די אידישע קינדער....“

דערביי האָט מר. דאַלגין אָנגעגעבן זיין אַדרעס און אַפילו זיין טעלעפאָן נומער, וויסנדיג גוט אַז די סאַטמאַרער פירן אָן אַ טעלעפאָן־טעראָר געגן זייערע געגנער. ער האָט געטראַכט: אדרבא, זאָלן זיי טעלעפאָנירן, וועט ער זיך מיט זיי אויס׳טענה׳נען, און אפשר וועט ער ווירקן אויף זיי צום גוטן . . . מ׳איז דאָך אידן.

כך הווה. דיזעלבע נאַכט צו חצות, האָט אַ קלונג געטאָן דער ערשטער טעלעפאָן. אָבער ווי טענה׳נען, וואָס ווירקן! עס האָבן זיך אָנגעהויבן שיטן קללות און חרמות, מיט אַזעלכע פערל ווי: דו שייגעץ, דו פגר, נעם אַיין אַ מיתה משונה... דער הייליגער צדיק וועט דיך פאַרשילטן...

און אַזוי די נאַכט און דעם טאָג, און דערנאָך נעכט און טעג, אַפילו שבת, דעם גאַנצן שבת, האָט דער טעלעפאָן געקלונגען. הפנים זיי האָבן באַשטעלט אַ גוי צו טאָן פאַר זיי די הייליגע אַרבייט....

באין ברירה, האָט מר. דאַלגין געטאָן וואָס אַנדערע פאַר אים האָבן שוין געטאָן. ער האָט געביטן זיין טעלעפאָן אויף אַ נומער וואָס איז ניט „געליסטעט“, און אַזוי איז צוריק שטיל געוואָרן ביי די דאָלגינס אין הויז.

אָבער ניט אויף לאַנג. ווען די כשר'ע חסידים פון דעם הייליגן צדיק האָבן פאַרלאָרן די שליטה איבער'ן טעלעפאָן, האָבן זיי זיך געעפנט אַ נייעם וועג צום הויז פון זייער קרבן: זיי האָבן זיך גענומען באַנוצן מיט דער פּאָסט. מר. דאלגין האָט אָנגעהויבן דערהאַלטן בריוו מיט זלזולים, קללות און חרמות. אָבער דאָס איז נאָך ניט געווען דאָס ערגסטע. עס האָבן אָנגעהויבן שטראָמען צו אים אין הויז אַריין פאַר־שידענע זשורנאַלן און ביכער וואָס ער האָט ניט באַשטעלט. גאַנץ פּשוט: דעם רבי'נס חסידים האָבן אַריינגעשיקט צו די זשורנאַלן און בוך־פאַרלעגער באַשטעלונגען אויף מר. דאלגינ'ס נאָמען, פעלשנדיג דערביי זיין חתימה. פון דעם זשורנאַל „טאַים" אַליין זיינען אים געקומען פינף עקזעמפּלאַרן יעדער וואָך. איין עקזעמפּלאַר איז באַשטעלט געוואָרן אויפ'ן נאָמען פון משה דאלגין, אַ צווייטער אויפ'ן נאָמען פון פּיטער דאלגין, אַ דריטער — נייטען, און נאָך אַזעלכע נעמען פון דער הפטורה. צוזאַמען מיט די זשורנאַלן, פאַרשטייט זיך, רעכענונגען צו באַצאָלן. און מר. דאלגין האָט נעבעך געהאַט אַן אַרבייט צו שרייבן צוריק און אויפקלערן די רעדאַקציעס פון די זשורנאַלן און די פאַרלעגער פון די ביכער, אַז ער האָט די אַלע זאַכן קיינמאָל ניט באַשטעלט, אַז דאָס האָט אימיצער אים אָפּגעטאָן אַ שפּיצל, און אַזוי ווייטער.

ווער האָט עס געוואָלט צו שפּילן אַזאַ שמוציגן טריק, האָט מען אים געפרעגט. נון, האָט ער זיי געקענט זאָגן, אַז דאָס האָבן געטאָן די פרומע חסידים פון אַ הייליגן רבי'ן?

נאָר אין אַמעריקע זיינען דאָ נאָך זאַכן און אינסטיטוציעס, אויסער זשורנאַלן און ביכער־פאַרלאַגן, און אַלע האָבן זיי זיך אַ שאָט געטאָן אויף מר. דאלגינ'ס קאָפּ.

די פרומע חסידים פון דעם הייליגן רבי'ן האָבן אַריינגעשיקט מר. דאלגינ'ס נאָמען אין באַנקען און געשריבן אַז ער וויל עפענען ביי זיי געלט־דעפּאָזיטן, און באַלד האָבן די באַנקען גענומען שיקן די בויטיגע פאַפּירן פאַר דעם, גאַנצע בערג. עס איז ניטאָ קיין איין פירמע אין וואָל סטריט וואָס האָט ניט געקראָגן זיין נאָמען, און טאָג און נאַכט האָט גענומען פליצן צו אים ליטעראַטור וועגן אינוועסטיציעס אין פאַר־שידענע ווערט־פּאַפּירן, גאַנצע טייכן. ריעל עסטייט פירמעס האָבן דער־האַלטן אָנפראַגן אין מר. דאלגינ'ס נאָמען, וועגן קויפן פון הייזער, און באַלד האָבן אַגענטן אָנגעהויבן אָפּשלאָגן די טירן צו אים מיט אַלערליי אָנבאָטן פון אַלערליי הייזער. צו אַ הויז דאַרף אַ מענש, פאַר־שטייט זיך, האָבן מעבל און אַנדערע אויסשטאַטונגען: קומט צו אים

אַ מאַן און באַדאַנקט אים וואָס ער האָט אים אָפּגערופן אויפ׳ן טעלעפאָן און געהייסן קומען וועגן אַ וואַש־מאַשין און אַנדערע מעבל.

אַלע ווײַלע קלאַפּט אימיצער אַנדערש אין דער טיר פון מר. דאַלגינ׳ס הויז און זאָגט: איר האָט אונז געלאָזט וויסן אַז ביי אײַך זיינען דאָ אַלטע זאַכן צום פאַרשענקען, זיינען מיר געקומען מיט אַן אויטאָ צו נעמען . . . אַמאָל איז עס אַ פאַרטרעטער פון אַ אידישער אינסטי־טוציע, אַמאָל פון אַ ניט־אידישער. אין יעדן פאַל מוז מר. דאַלגין אָדער מרס. דאַלגין זיך אַנטשולדיגן און דערקלערן, אַז זיי וויסן נעבעך ניט וואָס צו זאָגן, אַז דאָס האָט זיי אימיצער נאָר אָפּגעטאָן אַ שפּיצל, און ביידע, די דאַלגינס און די פאַרטרעטער פון די אינסטיטוציעס, זיינען די קרבנות פון אַ געוויסנלאָזער באַנדע.... און ס׳איז נאָר אַ חרפּה צו זאָגן, אַז די באַנדע זיינען די כשר׳ע חסידים פון אַ הייליגן רבי׳ן....

אָבער דאָס אַלץ איז נאָך גאָרניט: דאָס שרעקלעכסטע קומט ערשט. נאָר ס׳איז נויטיג דאָ זיך אָפּצושטעלן אויף אַ ווײַלע, אי איבערצוכאַפּן דעם אָטעם, אי עפּעס צו לערנען.

מיט די אויבן אויסגערעכנטע טריפ׳ע מעשים זוכן די סאַטמאַרער שיינע אידן, וואָס עסן זיי נאָר גלאַט כשר, צו פּייניגן זייער קרבן, מר. דאַלגין, און טרינקען זיין בלוט. אָבער באַרעכנט נאָר וויפיל אַנדערע, זייטיגע, אינגאַנצן אומשולדיגע מענשן ווערן אַריינגעשלעפּט און גע־מאַכט פאַר קרבנות אין דעם טייוולישן שפּיל, און וויפיל שאָדן עס ווערט פאַראורזאַכט צו זיי, שאָדן אין געלט און אין מענשלעכער אַרבייט און טרחה. און אין מענשלעכער ווירדע. די אַלע מענשן אין די רעדאַק־ציעס, אין די ביכער־פאַרלאַגן, אין די באַנקען, אין די ריעל עסטייט ביוראָס, אין די וואוילטעטיגע אַנשטאַלטן, און יאָ — אין די פאַרזיכערונג־געזעלשאַפטן. סאַטמאַר „באַזאָרגט" מר. דאַלגינ׳ען מיט אַסעקוראַנץ אויך, אַלץ האָט סאַטמאַר אינזינען! — זיי אַלע פילן זיך אָפּגענאַרטע, פאַרשעמטע, באַליידיגטע, זיי דערזעען אַז זיי ווערן אַריינגעצויגן אין עפּעס אַ לצ׳עוואַטן שפּיל פון מענשן וואָס נעמען די שענסטע סאָציאַלע איינשטעלונגען פון צוטרוי און געזעלשאַפטליכע באַציהונגען און צע־טראַמפּלען זיי מיט גראָבע פיס פאַר אומהייליגע צוועקן. ס׳איז איינע פון די שענסטע אויסדרוקן פון אַמעריקאַנישן גייסט, למשל, דער אַיינפיר, אַז איר דאַרפט נאָר פאַרלאַנגען, און באַלד וועט מען אײַך שיקן, אויף אַייער וואָרט, זשורנאַלן, ביכער, וואַש־מאַשינען, און וואָס ניט.... קומען „כשר׳ע אידן" און מיסברויכן עס אויף אַזאַ אומאַמעריקאַנישן אופן. און ניט־אידישן אופן אויך.

וואָרים יעדער איינער פון די דערמאָנטע מעשים איז אַ בפירוש׳ע עבירה געגן אַ קלאָרן דין. זאָגן ניט אָן אונזערע חכמים, אַז „דו זאָלסט שאַנעווען יענעמ׳ס געלט ווי דיין אייגנס״? די סאַטמאַרער עסערס פון גלאַט כשר — זייער געוויסן פלאָגט זיי גאָרניט וואָס זיי לאָזן אומשולדיגע מענשן לויפן אויף פאַלשע שליחות. צי דאָס איז אַן אַגענט צו פאַרקויפן אַ וואַש־מאַשין, אָדער אַ זאַמלער פון אַלטע קליידער פאַר אַן אָרימער ישיבה, אויף אַזעלכס איז אָנגעזאָגט געוואָרן: „פאַר אַ בלינדן זאָלסטו ניט געבן קיין שטרויכלונג״. די מערסטע פון די בריוו וואָס דידאָזיגע כשר׳ע לייט שיקן צו זייער קרבן ווערן געשיקט אָהן מאַרקעס, די פּאָסט ברענגט די בריוו, און די רעגירונג האָט ד׳ערביי היזק. און אַלע ווייסן ווי אַזוי אונזערע אמת׳ע צדיקים האָבן זיך נוהג געווען אין אַזאַ פאַל. דער חפץ חיים זצ״ל, ווען ער פלעגט שיקן אַ בריוו אַפילו דורך אַ געלעגנהייט, פלעגט ניט פאַרפעלן אַרויפ־צוקלעפּן אַ מאַרקע אויף אים, די מלוכה זאָל ניט האָבן קיין שאָדן. רבי עקיבא אייגר האָט זיך אויך אַזוי געפירט: ער פלעגט צערייסן אַ ניט־גענוצטע מאַרקע און די שטיקלעך אַריינלעגן אין אַ ספּעציעלער שאַכטעלע.

מיר קומען אַ צינד צו דער גרעסטער נבלה, וואָס אונז איז אויסגע־קומען צו הערן און צו זען אין די מעשים פון סאַטמאַר.

אין פילאַדעלפיע איז דאָ אַ באַרימטער אידיש־ענגלישער פאַרלאַג, „דהי דזשוּאיש פּאָבליקיישאָן סאָסייעטי״. דערהאַלט די סאָסייעטי פון משה דאלגין (כלומר׳שט) אַ בריוו און אין דעם בריוו איז אַיינגעשלאָסן אַ „רעיס טרעק״ טיקעט ,דאָס הייסט אַ בילעט פאַר „פערדלעך״. און אין דעם בריוו שרייבט משה דאלגין (דאָס הייסט: סאַטמאַר שרייבט אין זיין נאָמען), אַז ער שיקט דער סאָסייעטי אַ מתנה דעם טיקעט אויף די „פערדלעך״, דאָס הייסט, אַז אויב מ׳וועט האָבן מזל און דער בילעט וועט געווינען, וועט די „סאָסייעטי״ אָפּגעגליקט ווערן.

שיקט אָפּ די „סאָסייעטי״ משה דאלגינ׳ען דעם בריוו מיט׳ן בילעט מיט אַ ברוגז׳ן דאַנק: זי נעמט ניט אָן אַזעלכע מתנות....

און משה דאלגין ווייסט פון גאָרניט צו זאָגן, און ער מוז שרייבן, זיך אַנטשולדיגן, דערקלערן, פאַנאַנדערפלאָנטערן, כדי ריינצוואַשן זיין נאָמען אין אַ חשובער אידישער געזעלשאַפט.

קען זיין נאָך עפּעס שענדליכערס דערפון? אָבער יע, אונזערע חסידישע גלאַט־כשר עסערס, די מייסטער פון געמיינהייט, האָבן צוגע־פראַוועט נאָך עפּעס געמיינערס אַפילו דערפון:

זיי האָבן דעמזעלבן טריק אויסגעשפּילט אויף אַ קאַטוילישן גלח!

אַזש קיין אַלאַבאַמאַ האָבן זיי דערלאַנגט מיט זייער געפערלעכער געמיינהייט.

אין מאָנטגאָמערי, אַלאַבאַמאַ, ווי עס ווייזט זיך אַרויס, איז דאָ עפּעס אַ קאַטוילישע אינסטיטוציע מיט׳ן נאָמען „דהי סיטי אָוו סעינט דזשוד״, מיט גלח פאָטער דזשאַר ראלעי, דירעקטאָר. אַהין האָבן די סאַטמאַרער, אין נאָמען פון משה דאלגין, אויך אַוועקגעשיקט אַ טיקעט צו שפּילן אויף פערדלעך, מיט׳ן זעלבן פּזמון: אַז אויב ס׳וועט אָפּגליקן, גייט דער געווינס פאַר דער אינסטיטוציע.

דערהאַלט משה דאלגין אַ בריוו פון דעם גלח, מיט׳ן טיקעט צוריק, מיט דער בקשה: איך פאַרשטיי ניט, כ׳ווייס ניט וואָס איר מיינט, זייט אַזוי גוט און דערקלערט מיר, אָבער סיי ווי דאַנק איך אַייך אין יעזוס׳עס נאָמען....

און ווידער מוז משה דאלגין שרייבן, דערקלערן און אויספלאָנטערן דעם ענין, דאָס מאָל פאַר אַ גוי; אויספלאָנטערן דעם חילול השם און די חרפּה פאַר אידן וואָס די כשר׳ע לייט פון סאַטמאַר־וויליאַמסבורג האָבן גורם געווען....

דוכט זיך שוין גענוג?! אָבער ניין, צו זייער כשר׳ער געפאַלנקייט איז גאָר קיין ברעג ניטאָ:

מיט די כשר׳ע חסיד׳ישע הענט, וואָס האָבן ניט איינמאָל מיט ציטערניש גענומען ביים רבי׳ן שלום, האָבן זיי אַוועקגעשריבן אַ בריוו אין נאָמען פון משה דאלגין, אונטערגעשריבן מיט פאַלשער חתימה, צו אַ קאַטוילישער אינסטאַנץ אין ניו יאָרק, אַז היות ער טראַכט וועגן שמד, וויל ער דערלערנען די קאַטוילישע לערע, און פאַר דעם צוועק זאָל מען אים שיקן די פּאַסיגע ליטעראַטור!

און די קאַטאָליקן האָבן באַוויליגט זיין בקשה און אים אַרויסגעשיקט אַ קורס מיט אינסטרוקציעס און אַלע זיבן זאַכן....

יעדער איינער פון דידאָזיגע אַקטן איז קרימינאַל. אַ זינד געגן דין און אַ פאַרברעכן געגן געזעץ. נאָד דאָס איז סאַטמאַרער קונסט ווי צו רודפ׳ן אַ געגנער און פּייניגן אַ אידן.

נאָר הערט ווייטער און שטוינט נאָך מער:

דער טריק מיט שמד אויף מר. דאלגין איז ניט געווען דאָס ערשטע מאָל וואָס זיי האָבן דעם געניאַלן איינפאַל אויסגעפּרובט. משה דאלגין איז ניט געווען דער ערשטער קרבן פון דעם געמיינעם שפּיל. זיי האָבן דעם שרעקלעכן שפּיצל אויך אָפּגעטאָן ניט קיין אַנדערן און ניט קיין קלענערן ווי דעם קלויזענבורגער רב!

ס'איז געווען אין אַ יום טוב, אויסגערעכנט אין אַ יום טוב, און אויסגערעכנט אין דער שעה פון דעם „טיש", ווען אַ גרויסער ציבור אידן איז פאַרזאַמלט ביים באַליבטן רב, עפנט זיך די טיר און עס באַווייזן זיך צוויי מענשן אין גלח'שן טראַכט, און דער טראַכט איז אַזאַ, אַז ס'איז קענטיג אַ העכערער ראַנג. און זיי פאַרלאַנגען צו זען דעם „ראַביי". אויף דער פראַגע פון דעם גבאי וואָס אַזוינס זיי קענען פאַר־לאַנגען פון דעם ראַביי, האָבן יענע מיט פאַרוואונדערונג געענטפערט: וואָס הייסט, זיי זיינען געקומען אויף אַ בפירוש'ער איינלאַדונג פון אים . . . און אַן איינלאַדונג אין אַ העכסט וויכטיגן ענין: היות דער „ראַביי" האָט דורכגעמאַכט דעם גרויסן אידישן חורבן און ער האָט געזען דעם פיין פון זיין פאָלק, האָט ער באַרעכנט, אפשר איז דאָס קריסטנטום גערעכט, און ער וועט אפשר פירן זיין עדה אונטער'ן שוץ פון דער קירכע . . . און דאָס איז דער ענין וועלכן ער האָט פאַרלאַנגט אַדורכ־צושמועסן. . . .

אָבער דאָס איז נאָך אויך ניט דאָס לעצטע אויף וואָס סאַטמאַר איז פעהיג. סאַטמאַר קען איבערשטייגן אַפילו זיך אַליין. . . .

אפשר דאָס שאַרפסטע געווער אין דעם סאַטמאַרער אַרסענאַל איז דאָס שרעקלעכע מיטל — משוגעים־הויז. דאָס לעצטע מאָל וואָס זיי האָבן באַנוצט דאָסדאָזיגע געווער איז געווען אין ווינטער פון יאָר תשי"ח (1958). ומעשה שהיה כך היה:

אין מאָנטרעאָל, קענעדע, איז דאָ אַ סאַטמאַרער ישיבה. אין דעם בנין, אין וועלכן די ישיבה געפינט זיך, האָט פריער געהויזט אַן אַנדער ישיבה. ווען יענע ישיבה איז אַוועק, האָבן דעם בנין גע'ירש'עט צוויי אידן: אַייזיק מאשקאוויטש און בנימין בארזוקאווסקי. ווי ס'איז זייער טבע, האָבן די סאַטמאַרער געוואָלט אַרויסשטופן די צוויי אידן און ווערן אַליין די בעלי בתים פון דעם בנין.

נאָך לאַנגע סכסוכים און מחלוקת'ן האָט מען באַשלאָסן צו גיין צו אַ דין תורה. יעדער צד האָט געזעצט צוויי רבנים, און די פיר רבנים האָבן אויסגעקליבן אַ פינפטן, אַ מכריע.

פון סאַטמאַרער צד זיינען געזעסן: הרב אשר בבד, ראב"ד פון פעסט, און ר' חנני' ליפא זאלצמאן, נייפעסטער רב.

פון דעם אַנדערן צד זיינען געזעסן: הרב ר' יואל פינק, און הרב פנחס הירשפרונג.

דער פינפטער איז געווען דער צאקאווער רב, הרב שמואל אַברהם זעלטענרייך.

לאַנג האָט זיך געצויגן די דין תורה, „בלוט האָט זיך געגאָסן" בפועל ממש. נאָך לסוף האָט סאַטמאַר דערפילט, אַז דער גאַנג פון דעם משפט נויגט זיך געגן זיי. אין צענטער איז דאָ, נאַטירלעך, געשטאַנען הרב זעלטענרייך. ווייל זיין דעה איז געווען די דעה מכרעת, די אַנטשיידנ־דיגע שטימע.

די סאַטמאַרער האָבן דאַן קיין אַנדער ברירה ניט געהאַט סיידן נאָך צעשטערן די גאַנצע דין תורה, ניט דערלאָזן, הייסט עס, אַז די רבנים זאָלן קומען צו אַ גמר דין. און אָט וואָס פאַר אַ שפיל זיי האָבן אויפ־געשפילט:

אין מאָל אַ ביינאַכט, ס'איז געווען אַרום צוויי אַזייגער, האָט מען אָנגעקלאַפּט אין טיר פון הרב זעלטענרייכ'ס וואוינונג. ווען מ'האָט גע־עפנט, האָט זיך באַוויזן פּאָליציי. זיי האָבן געפרעגט ווער ס'איז דאָ דער ראַביי שמואל אַברהם זעלטענרייך. ווען דער איבערראַשטער רב זעל־טענרייך האָט געוויזן אויף זיך, האָבן די פּאָליסלייט געעפנט די טיר, און אויף זייערן אַ וואונק זיינען אַריין אַ פּאָר מענער מיט אַ צוואַנג־יאַקע אין די הענט און זיי האָבן זיך אַ נעם געטאָן צום רב, אים איינצובינדן און אַיינצושנירן.

אויף די איבערראַשטע פראַגן פון די בני בית האָט די פּאָליציי דער־קלערט אַז זיי האָבן דערהאַלטן אַ מעלדונג, אַז הרב זעלטענרייך איז אַ מענש וואָס איז געפערלעך און אַז ער איז אַריינגעפאַלן אין אַ משוגעת און וויל דער'הרג'ענען זיינע קינדער.

מ'קען זיך פאָרשטעלן וואָס פאַראַ מהומה ס'איז געוואָרן אין הויז. פון די קולות זיינען שכנים אויפגעריסן געוואָרן פון שלאָף און זיינען זיך צוזאַמענגעלאָפן אין שרעק. די שכנים האָבן עדות געזאָגט פאַר דער פּאָליציי אַז זיי קענען דעם רב יאָרן לאַנג, און זיי קענען אים ווי אַ נאָרמאַלן, קלאָרן, ניכטערן, מיושב'דיגן בר־דעת, ווי אַ גרויסן למדן און בעל מידות, און זיי האָבן קיינמאָל אין אים ניט באַמערקט קיין שום עקצענטרישקייט, וואָס זאָל אַרויסרופן דעם מינדסטן חשד אויף זיין גייסטיגן צושטאַנד. די פּאָליציי האָט פאַרשטאַנען אַז זי איז פאַר־פירט געוואָרן און זי איז אַוועק.

אָבער אַלע האָבן גוט פאַרשטאַנען וועמעס שטיקל אַרבייט דאָס איז געווען.

אָט דאָס זיינען „עבירות מעשיות" פון סאַטמאַר.

שטייען מיר איבערראַשטע, דערשראָקענע, און מיר פרעגן:

וואָס־זשע איז געוואָרן פון אונז אידן? ווי אַזוי זיינען אַזעלכע זאַכן מעגלעך געוואָרן ביי אונז? ווער האָט אַריינגעגעבן אַזאַ פאַרדאָרבונג

אין הערצער פון אידישע קינדער? האָבן מיר שוין אַן אייגענע עכט אידישע אונטערוועלט? אַ נאַצישע אונטערוועלט מיט אידשן שטייגער? באַנדיטן מיט פסוקים, חסידים מיט סוואַסטיקאַס?

יע, זיי זיינען שטאַרק פרום, טיף פרום, גרויס פרום, דידאָזיגע גלאַט כשר'ע כוליגאַנעס. זיי דערשלאָגן מיט ספר תורה'ס, זיי דערשטעכן מיט עץ־חיימ'ס, זיי פאַרשטריקן העלזער מיט ציצית!

ווען אַ גוי זאָגט מיר, אַז עס זיינען דאָ אַזעלכע אידן, וואָלט איך געמיינט אַז אַן אַנטיסעמיט רעדט עס.

ווען אַנדערע טוען אַזעלכס, ברענגען זיי צווייפל אין דעם מענטשן; ווען אַזעלכע טוען עס, ברענגען זיי צווייפל אין ג־ט אַליין.

דידאָזיגע חברה, דידאָזיגע כנופיא, דערדאָזיגער רבי, וואָס וויל אַריינ־מאַרשירן קיין ירושלים בראש פון גוים, זיי צעטרייסלען די פונדאַמענטן פון אידנטום!

דאַרף מען זוכן דעם מקור פון דעם בייז, פאַרשטיין ווי אַזוי ס'איז געקומען אַזאַ קללה און חרפה אויף אידן.

וועלן איינע זאָגן: ס'איז אונגאַרן. אַנדערע — ס'איז די צייט. די מגפה פון פאַרברעכערישקייט, וואָס פאַרפלייצט היינט די וועלט, האָט אויך פאַרכאַפּט אַ ווינקל פון וויליאַמסבורג, וואָס הייסט סאַטמאַר. אַנדערע וועלן אפשר זאָגן, ס'איז אַ ירושה פונ'ם היטלעריזם. עס האָט שוין אָפּט געטראָפן, אַז דאָס בייז פונ'ם פייניגער האָט אָנגעשטעקט דעם געפייניגטן.

אָבער צו וואָס מעטאַפיזיקע, ווען די אמת'ע סיבה ליגט אַזוי נאָענט צו דער האַנט! מיר קענען נאָר דעם רבי'ן. פון אים זאָל לעבן מוז אַרויסגיין אַזאַ פּסיכאָלאָגישע השפעה אויף זיינע אָנהענגער. פון אים טרינקען זיי. אויף די ווערטער פון זיין מויל הענגען זיי. צי וואָלטן אַזעלכע פירות אויסגעוואָקסן אין דער סביבה פון „חפץ חיים"? פון דער תורה פון גער, למשל?

ס'איז די פרוכט פון שנאה. ס'איז די קללה פון שנאת ישראל. סאַט־מאַר האָט זיך אַליין פאַרשאָלטן. די שנאה פון אַ אידן געגן אַ אידן איז אַ פאַרשאָלטענע שנאה, וואָס עסט־אויף דעם באַפיינדער מער ווי זיין קרבן.

דער שטן האָט דעם רבי'ן גענומען געפאַנגען און מיט'ן רבי'נס מויל זאָגט ער תורה. פאַרדרייט ער די גוטע תורה צו שלעכטס, פון ברכה מאַכט ער קללה.

אוי, ווי גרויס איז דער בראָך, ווי טיף די ירידה! אונזערע אמת'ע גדולים, דער ווילנער גאון, דער רמב"ן, רבי לוי יצחק, זיי האָבן די

תוכחה אויסגעטייטשט אין ברכות; און דער סאַטמאַרער, להבדיל, ער מאַכט פון „וזאת הברכה" אַ תוכחה...

וואו־זשע איז די רפואה, וואו איז די רעטונג? וואו באַהאַלט מען זיך פון דער חרפה פון סאַטמאַר און פון דער סכנה פון סאַטמאַר?

גיי איך ווידער נאָך באַשייד צום הייליגן ספר, און איך געפין: ס'איז משיח'ס צייטן. איך מיש אויף דעם נביא און איך הער, ער פאַרקינדיגט אַ מאָדנע, אַ זעלטזאַמע גאולה. אַ סך מאָטיוון פון גאולה זיינען געזאָגט געוואָרן: איינע — ווען די וועלט וועט זיין כולו זכאי; אַן אַנדערע — ווען די וועלט וועט זיין כולו חייב; אַ דריטע — ווען די אידישע צרות וועלן שוין זיין צו שווער אַריבערצוטראָגן. נאָר קיין איינע איז ניט אַזוי אויסטערליש ווי די דאָזיגע גאולה:

ס'איז געקומען ג־ט'ס וואָרט צו יחזקאל הנביא און האָט געזאָגט: זע ווי מיאוס אידן זיינען געוואָרן! זיי פאַראומווירדיגן ג־ט'ס נאָמען אין די אויגן פון די פעלקער. וואָרים די גוים קוקן אויף דידאָזיגע אידן און זאָגן: קוקט אָן ווי עס זעט אויס ג־ט'ס פאָלק!...

דעריבער, זאָגט ג־ט, וועט ער אַרויסציען די אידן פון גלות און וועט זיי צונויפזאַמלען צוריק קיין ציון, ניט צוליב די אידנ'ס וועגן, נאָר פאַר זיך, פאַר ג־ט'ס אייגענעם כבוד וועגן, ווייל מיט אַזעלכע אידן איז אים אַ חרפה פאַר די גוים . . . (יחזקאל ל"ו).

ווען אין אונזער צייט טוט דידאָזיגע נבואה פּאַסן מער ווי סאַטמאַר?

איז אפשר גאָר פאַר זיי די ערשטע, מדינת ישראל אונז געשענקט געוואָרן?...

קען עס זיין אַז סאַטמאַר וועט נאָך ברענגען די „גאולה שלימה"?...

# דער מאַן פון קריג

דער גאַנצער ענין סאַטמאַר וועט אונז קלערער ווערן ווען מיר וועלן זיך בעסער באַקענען מיט זיין הינטערגרונד.

ס׳איז אַ טעות צו מיינען אַז די מלחמה וואָס דער סאַטמאַרער רבי פירט געגן ציוניזם און געגן מדינת ישראל האָט אירע וואָרצלען דוקא אין דעם „פאַרברעכן״ פון ציוניזם אָדער אין די „זינד״ פון דער מדינה. די אמת׳ע וואָרצלען שטעקן אין אַ זינד פון דעם רבי׳ן אַליין, אין זיין קריגערישער נאַטור. ס׳איז געזאָגט געוואָרן וועגן אים, אַז אַלע מענשלעכע שוואַכקייטן האָט ער גובר געווען, נאָר ניט די שוואַכקייט פון גאווה און זיגערישקייט. ער ווערט באַהערשט פון אַ ברענענדיגער תאווה צו הערשן. כדי צו הערשן, מוז מען מנצח זיין; כדי מנצח צו זיין, מוז מען פירן קריג. און ס׳איז ניט אַריבער קיין טאָג אין זיין לעבן אָהן עפּעס אַ מחלוקת. וואוהין זיין האַנט האָט זיך ניט אויסגעצויגן, האָט זי געטראָגן פייער וואָס האָט אונטערגעצונדן. שוין גאַנץ פרי אין זיין אויפשטייג איז ער באַוואוסט געוואָרן פאַר אַן איש ריב ומדון און זיין קומען פלעגט וואַרפן אַ פחד אויף לאַנד און לייט. זיין רבנות אין דער אונגאַרישער שטאָט סאַטמאַר האָט ער דערלאַנגט נאָך שווערע מחלוקת׳ן מצד זיינע חסידים און ער איז אַריין אין שטאָט מיט פּאָליציי. בלויז ווען די רעגירונג האָט גענומען אַ האַנט אין דער קהילה, האָט ר׳ יואל׳ש טייטלבוים געקענט דערוויילט ווערן רב אין סאַטמאַר. אָבער פאַר׳ן טאָג פון זיין אָנקומען האָבן די אידן פון סאַטמאַר גוזר תענית געווען.

זיין ערשטע מחלוקת האָט דער סאַטמאַרער געפירט מיט זיין אייגענעם ברודער, ר׳ צבי חיים ז״ל. ווען דער פאָטער, דער סיגעטער רב, איז נסתלק געוואָרן, איז ר׳ צבי חיים, דער בכור, אַלט געווען דריי און צוואַנציג יאָר; ר׳ יואל׳ש זעכצן. אָבער צו זעכצן יאָר האָט יואל׳ש געוואָלט די גדולה פאַר זיך. די מאַמע, די אַלטע רבי׳צין, האָט געשטיצט דעם בכור און יענער איז געוואָרן יורש פונ׳ם פאָטער׳ס כסא הרבנות. נאָר יואל׳ש האָט ניט אויפגעהערט אינטריגירן, און צווישן דעם ברודער און דער מאַמע האָט ער אָנגעצונדן אַזאַ ברוגז, אַז איינמאָל שבת, ווען ר׳ צבי חיים איז געגאַנגען פון דאַוונען און איז אַריין זאָגן

דער מאַמע גוט־שבת, האָט זי געוואָרפן אַ מעסער אויף אים און ער איז נאָר מיט אַ נס ניצול געוואָרן. פון פאַרדרוס וואָס ער האָט פאַרלאָרן דאָס כסא הרבנות און רבי׳סטווע צו זיין עלטערן ברודער, איז ר׳ יואל׳ש אַוועק אָפּריכטן „גלות״. דער עלטערער ברודער, וועלכער איז געווען אַן אמת׳ער הייליגער איד, איז געשטאָרבן יונג און דעמאָלט איז ר׳ יואל׳ש אויסגעקליבן געוואָרן אויף זיין אָרט. די גאַנצע צייט וואָס דער ברודער האָט געלעבט איז יואל׳ש קיין איין מאָל ניט געקומען קיין סיגעט אויפ׳ן פאָטער׳ס קבר, אַזוי ווייט איז געגאַנגען דער כעס צו דעם ברודער.

די מחלוקת מיט׳ן ברודער איז נאָר געווען די ערשטע מחלוקת מיט דער אייגענער משפחה: פאַקטיש האָט ער מיט דער גאַנצער משפחה שטענדיג געפירט קריג. אין די לעצטע יאָרן, שוין אין אַמעריקע, זיינען באַוואוסט צוויי אַזעלכע משפחה־מלחמות. איינע — מיט זיין איידים. דער רבי האָט געהאַט נאָר איין קינד, אַ טאָכטער. זי האָט חתונה געהאַט מיט דעם פאָטער׳ס שוועסטער׳ס אַ זון, דעם סאָסיבער רבי׳ן, ר׳ ליפּא טייטלבוים. נון, דערפאַר וואָס דער איידים (און פלימעניק) האָט ניט געוואָלט גיין אין שווער׳ס דרכים, האָט דער סאַטמאַרער פאַרפירט מיט אים אַ ביטערע מחלוקת. די טאָכטער האָט פאַר יענער מחלוקת מיט׳ן לעבן באַצאָלט. פון גרויס עגמת נפש און בושה האָט זי באַקומען אַ קראַנק האַרץ און איז אַוועק פון דער וועלט פאַר דער צייט. „אַ טאַטע האָט זיינע אייגענע קינדער געפייניגט — שרייבט מיר אַן אינוויינינגסטער מענש — בלויז צוליב זיין תאווה צו מחלוקת. און ס׳איז וויכטיג צו וויסן — שרייבט ער ווייטער — אַז דער איידים איז אַליין אַ גרויסער רבי און תלמיד חכם און צדיק גדול: אַלזאָ, ניט קיין ציוניסט, און ניט, חס ושלום, קיין אפיקורס!״

און כדאי צו באַמערקן, אַז זי, די סאסיבער רבי׳צין, און דעם רבי׳נס טאָכטער, האָט מען אויך געפּייניגט מיט טעלעפאָנען! און ביי איינעם אַזאַ טעלעפאָן־געשפרעך איז זי נפטר געוואָרן.

אַ צווייטער משפחה־קריג איז מיט׳ן קלויזענבורגער רב, הרב יקותיאל יהודה האַלבערשטאַם שליט״א, וועלכער איז אַרויס פון נאַצישן גיהנום און האָט זיך באַזעצט אין וויליאַמסבורג נאָך פאַר׳ן סאַטמאַרער. דער קלויזענבורגער רבי שליט״א איז דעם סאַטמאַרער׳ס ברודער׳ס אַן איידים. אויפ׳ן קלויזענבורגער קען מען באמת זאָגן: אלמלא הוא נשתכחה ח״ו תורה מישראל. זיינע גרויסע אויפטוען זינט זיין באַפריי־אונג, צוערשט אין דייטשלאַנד, וואו ער האָט מחזיר למוטב געווען טויזנטער אידן און איז געווען פון די ערשטע צו רופן צוריק צום

מקור אין אַ צייט ווען ס'האָט געהערשט אַן אומבאַשרייבלעכער תהו ובהו צווישן די באַפרייטע פון דעם נאַצי־גיהנום; דערנאָך אין אַמע־ריקע, וואו ער האָט מיט אַ גוואַלטיגער ענערגיע אויפגעשטעלט צאָל־רייכע מוסדות תורה און אַנדערע אַנשטאַלטן; און לעצט אין ישראל וואו ער האָט זיך קונה שם געווען מיט זיין קאָנסטרוקטיווער אויפבוי אַרבייט פון קרית צנז — געגן אים האָט דער סאַטמאַרער אויך פאַרפירט אַ מחלוקת. נבהל ונשתומם ווערט מען ווען מ'הערט די אומדערטרעג־לעכע רדיפות, שברי לב און בזיונות, וואָס דער סאַטמאַרער ערב רב האָט אים גורם געווען. ס'איז בעסער און געזינטער ווען מ'ווייס נישט אַלץ.... און געפירט געוואָרן איז די מחלוקת בלויז פון דעם סאַט־מאַרער צד. וואָרים דער קלויזענבורגער האָט בעסער געוואָלט פאַרווענדן די כחות אויף קאָנסטרוקטיווער אַרבייט.

דאָס אַלץ איז אַ ביישפיל פון דעם סאַטמאַרער'ס מלחמות כלפי פנים. כלפי חוץ האָט ער יאָרן לאַנג געפירט קריג מיט די גרעסטע רבנים און רבי'ס. למשל, די גרויסע מחלוקת מיט מונקאַטש, די מחלוקת מיט וויזשניץ, דעם אַלטן זצ"ל, נאָכדעם מיט די קינדער, די מחלוקת מיט ספינקא און אַנדערע. פון די אַלע פאַרנעמט אַ גאַנץ באַזונדערן אָרט די „קראָלער מחלוקת" אין רומעניע, וועלכע האָט זיך געצויגן פון 1933 ביז 1936 און האָט גורם געווען אַ חילול השם אָהן אַ גלייכן. דאָ האָט דער סאַטמאַרער פאַרפירט אַ קריג מיט דעם קראָלער רב, הרב אברהם אַביש האָראָוויץ זצ"ל. הרב האָראָוויץ איז געווען דעם מעליצער רב'ס אַ זון (אַ ברודער פון היגן מעליצער רב), און איידים פון ספינקער רבי'ן, הרב ר' יצחק אַייזיק ווייס זצ"ל, זיידע פון היינטיגן ספינקער רבי'ן. רב אברהם אַביש איז געווען אַ גאון עצום אין נגלה און אין נסתר און איז געווען אַ מוסמך פון די גרעסטע גאונים פון דער דור. און רב אין קראָל איז ער געוואָרן אויף אַזאַ אופן: פאַר אים איז דער סאַטמאַרער געווען רב אין קראָל, און פון דאַנען איז ער, אין 1932, טאַקע אַוועק קיין סאַטמאַר. פינף יאָר האָט ער געקעמפט ביז ער האָט איינגענומען סאַטמאַר. ראש הקהל אין קראָל איז געווען ר' שבתי וויינבערגער, און ער האָט אַרויפגעזעצט ר' אברהם אַביש'ן אויפ'ן כסא הרבנות אין קראָל.

נאָר דער סאַטמאַרער האָט געהאַט אַ נוסח, אַז יעדער שטאָט וואו ער איז געווען רב און איז פון דאָרט אַוועק, האָט געדאַרפט בלייבן אַ ירושה פאַר זיינע אייגענע. און אַזוי ווי ר' אברהם אַביש איז ניט נאָר ניט געווען פון זיינע אייגענע, נאָר איז נאָך געווען משפחה מיט די ספינקער, מיט וועלכע דער סאַטמאַרער האָט געהאַט אַ מחלוקת, האָט ער אָנגעהויבן אַ רדיפה אויף אים.

די גאַנצע אידישע וועלט איז אויפגערודערט געוואָרן פון דערדאָזיגער מחלוקת און האָט מיט גרויס ווייטאָג צוגעקוקט צו דעם בזיון. ס׳איז געגאַנגען אַזוי ווייט אַז מ׳האָט געגעבן שווערע הונדערטער טויזנטער ליי כאַבאַר דער רומענישער פּאָליציי און מ׳האָט אַרעסטירט דעם קראָלער רב, און אויך אַ צאָל פון זיינע תלמידים: מ׳האָט זיי אום שבת צוגע־נומען פון בית מדרש צו דער פּאָליציי, געשמידטע אין קייטן האָט מען זיי געשלעפּט איבער די גאַסן פון שטעטל קארעיי־מארע. וואָכן לאַנג האָט מען זיי געהאַלטן אַרעסטירט און געפּייניגט ווי די ערגסטע פאַרברעכער. אויך האָט די סאַטמאַרער קליקע אינטערווענירט אומצייליגע מאָל אין בוקאַרעסט ביים מיניסטער לאַפּעדאַטו צו שליסן די ישיבה פון קראָלער רב, ווי אויך מיט גרויסע סומען אונטערגעקויפט די פּאָליציי צו אַרעס־טירן די שוחטים פון דעם קראָלער רב׳ס קהילה. דער מרא דאתרא, הרב יעקב יצחק ניעמיראָווער, האָט אַ סך מאָל געוויינט עפטלעך ביי אידישע פאַרזאַמלונגען און פאַרדאַמט די מעשים פון דעם סאַטמאַרער רבי׳ן און זיין עדה. וועלטן האָט סאַטמאַר אַיינגעלייגט, אַז די רעגירונג זאָל אָנערקענען דעם רב וואָס דער סאַטמאַרער האָט אַריינגעשיקט קיין קראָלי. אַז סאַטמאַר האָט געשאָטן מיט געלט, במילא האָט דער אַנדערער צד אויך געמוזט טאָן אַזוי, און אַזוי איז עס אָנגעגאַנגען יאָרן. יעדע וואָך איז אָנגעקומען אַ נייער באַפעל פון דעם מיניסטער: אָט איז איינער דער ריכטיגער רב און אָט איז דער אַנדערער. עס איז ממש געווען אַן ערד־טרעטעניש. משפחות זיינען אויפגעריסן געוואָרן, זין האָבן אויפ־געהערט עסן ביי טאַטנ׳ס טישן, אידן האָבן גע׳מסר׳ט אידן, געשלעגן זיינען געווען אין די בתי מדרשים און אויף די גאַסן יעדן טאָג. אַז מ׳האָט געכאַפּט אַ ספּינקער איד אין קראָלי האָט מען אים גע׳הרג׳עט און געשלאָגן. די סאַטמאַרער האָבן איינמאָל געכאַפּט אין סאַטמאַר אַ ספּינקער איד, און ווייל ער האָט געהאַט קוראַזש צו זאָגן אַז דער קראָלער רב איז גערעכט, האָבן זיי אים געממית׳ט און אָפּגעשניטן די באָרד. און געווען איז דער איד ניט אַבי ווער. ער איז געווען הרב מוהר״ר שמואל צבי ווייס, פון שאָמקוט, אַ מקורב און חסיד פון ספּינקע, אַ גרויסער תלמיד חכם און רעדאַקטאָר פון אַ צייטונג.

מ׳קען זיך גרינג פאָרשטעלן די שפיכת דמים וואָס דער קראָלער רב, וועלכער איז געווען אַ צדיק און קדוש עליון, האָט געליטן. ער איז געווען דער ריכטיג געוויילטער רב אין קראָלי פון רוב מנין און רוב בנין. אים האָט דער סאַטמאַרער געוואָלט אַרויסשטויסן און אַריינזעצן זיינעם אַ מענטשן. דער קראָלער רב איז אומגעקומען ביי די נאַציס. הי״ק.

אַזאַ איז דער דרך פון סאַטמאַר פון תמיד אָן. פריער אין איראָפּע, היינט אין אַמעריקע. און פון אַמעריקע האָט ער אויסגעשטרעקט אַ האַנט אויף מדינת ישראל.

לפנים וועגן זיינען די אַלע מחלוקת'ן לשם שמים, אָבער אין אמת'ן האָבן זיי עקאָנאָמישע צילן אויך. וואו סאַטמאַר קומט, זוכט זי צו שאַפן פאַר זיך אַ שטאַרקע עקאָנאָמישע באַזע. מען גראָבט אונטער אַ פרעמדן רב און מ'זעצט אַריין אַן אייגענעם. מ'גראָבט אונטער אַ פרעמדן שוחט און מ'זעצט אַריין אַן אייגענעם. מ'גראָבט אונטער אַ פרעמדן קצב און מ'זעצט אַריין אַן אייגענעם. און אַזוי איבער דער גאַנצער ליניע פון אַלערליי פרנסות. מ'בויט אויף זיך אַליין אויפ'ן חורבן פון אַנדערע אידן. און די טעכניק איז אַ פשוט'ע: מ'הויבט אָן, למשל, מורמלען אויף אַ קצב אַז ביי אים איז עפּעס מיט כשרות „ניט אַלץ אין אָרדנונג", און שוין איז ער אַ פאַרטיגער.

דער קרבן האָט נעבעך קיין ברירה ניט. ווייל דער טעראָר פון סאַטמאַר איז זייער גרויס. שרייבט צו מיר, למשל, איינער:

„איך האָב מורא אָנצוגעבן מיין נאָמען און אַדרעס, ווייל ער מיט זיין כנופיא קענען מיך אין איין טאָג אומגליקלעך מאַכן און מיר פאַרניכטן מיין פרנסה, אַזוי ווי זיי האָבן שוין געטאָן מיט אַ סך קצבים, מאלקערייען און אַנדערע כשר'ע געשעפטן". און אַ צווייטער שרייבט מיר:

„איך האָף די אינפאָרמאַציע וועט אייך זיין באַהילפיג אין אייער קאַמף געגן דעם ,שבתי צבי". אַנטשולדיגט מיר זייער וואָס איך שרייב ניט אונטער מיין נאָמען. איך האָב אַ געשעפט צווישן די סאַטמאַרער און ווען זיי זאָלן אויסגעפינען וואו איך האַלט באמת, בין איך נישט קיין לעבעדיגער. ווען איך וואָלט געווען אַן אמת ערלעכער איד וואָלט איך יע געדאַרפט שרייבן מיין נאָמען, אָבער ד' יכפּר בעדי"....

קלינגט עס ניט ווי די פאַרשטיקטע קולות פון אונטער קאָמוניסטישער דיקטאַטור, אָדער דער נאַצישער טיראַניי? און ווען? און וואו? אינ־מיטן העלן טאָג אין אַמעריקע!

אָנגעקומען קיין אַמעריקע זיינען זיי אַ קליינע, מ'קען זאָגן אַ נישטיגע צאָל, נאָר מיט אַלערליי טונקעלע מיטלען, ווי לשון הרע, רכילות, מלבין פני חבירו זיין, מוציא שם רע זיין, שקרים, און טאַקע פיזישע גוואַלט־מיטלען אויך, איז זיי געלונגען אַרויפצושטעלן זייער פוס אויפ'ן האַלז פון אומצאָליגע עדות און קהילות. אַן קיינמאָל האָט מען ביי אידן ניט געוואוסט פון אַזאַ ירידה אין מידות ווי סאַטמאַר האָט גורם געווען.

„אָט איז געשען אַן אומגליק — שרייבט מיר אַ איד — וואָס אָט די צבועים האָבן אויסגעקליבן דווקא צו קומען קיין אַמעריקע! זיי זיינען עלול חרב צו מאַכן דאָס אויפגעוואַכטע אָרטאָדאָקסישע אידנטום, וואָס איז מיט אַזוי פיל מי געלונגען צו ברענגען צוריק צום לעבן דאָ אין לאַנד"....

דער שרייבער פון דידאָזיגע ווערטער האָט אַוועקגעלייגט זיין פינגער אויף דער אמת'ער מכה: חרב צו מאַכן דאָס אָרטאָדאָקסישע אידנטום איז טאַקע דער ציל פון סאַטמאַר. אַנדערע אידן האַלט דער סאַטמאַרער בכלל ניט פאַר קיין אידן. קאָנסערוואַטיווע, רעפאָרמער, פרייע — ער וואַרט ניט און האָפט ניט און וויל גאָר ניט זיי זאָלן תשובה טאָן: ער האָט זיי מפקיר געווען. און די אָרטאָדאָקסיע — ווי באַלד זי איז ניט סאַטמאַריש, איז זי אויך קנאַפּע אידישקייט. „ניטאָ קיין אידישקייט מחוץ פון חסידות סאַטמאַר" — דאָס איז אַ פונדאַמענטאַלער פּרינציפּ ביי דערדאָזיגער עדה.

אַזאַ רעזשים, אַזאַ סיסטעם, אַזאַ הנהלה און הנהגה ווי סאַטמאַר, קען ניט זיין אָהן אַן אידעאָלאָגיע, און דאָס איז די אידעאָלאָגיע: אידישקייט איז סאַטמאַר.

יעדער אַנדערער מין אידישקייט, אויסער סאַטמאַרער, איז ביי זיי אפיקורסות, ריכטיגער געזאָגט — גוי'אישקייט, עבודה זרה. דאָ דאַרף מען אויך זען דעם פּירוש אויף דער פראַגע: ווי אַזוי איז עס מעגלעך אַז פרומע אידן, אין שטריימלעך, זשופּיצעס און ווייסע זאָקן, זאָלן זיין קאַפּאַבל אויף כל'ערליי פאַרברעכנס געגן אַנדערע אידן? דער תירוץ איז: זיי האַלטן, אַז זיי טוען גאָר אַ מצווה, זיי זיינען מקדש שם שמים און זיי רודפ'ן „רשעים"....

און כדי אויסצושפּרייטן דאָס אידישקייט פון סאַטמאַר האָט מען איינגעשטעלט אַ שיטה פון הפקר. אַלץ איז דערלויבט. אַלץ איז רעכט. אַלע מיטלען זיינען כשר. אַלע סייגים פאַלן אַוועק. דער איינציגער סיג לתורה אין דער היינטיגער צייט ביי סאַטמאַר איז — די הפקרות.

# שנאת ישראל

אין צענטער פון סאַטמאַרער אידישקייט שטייט די שנאה צו מדינת ישראל.

אין ברונעם פון וועלכן דו האָסט געטרונקען זאָלסטו ניט שפייען, לערנען אונז אונזערע הייליגע חכמים.

אַ דערהויבענער מאָראַלישער געבאָט. נאָר דער סאַטמאַרער רבי האָט אים ניט אויסגעפאָלגט.

ווען ג״ט האָט געהייסן שלאָגן דעם טייך פון מצרים און פאַר־וואַנדלען זיין וואַסער אין בלוט, האָט ניט משה דערלאַנגט דעם קלאַפּ. ג״ט האָט געהייסן משה׳ן געבן זיין שטעקן אהרנ׳ען, ווייל ס׳איז ניט רעכט געווען משה זאָל שלאָגן דעם טייך וואָס האָט אים אַמאָל, אין דעם קעסטעלע, געראַטעוועט זיין לעבן.

אַ נימוס, פון ג״ט אַליין געלערנט.

ארץ ישראל האָט געראַטעוועט דעם סאַטמאַרער רבי׳ן זיין לעבן. ווען ער איז געווען אין געפאַנגענשאַפט ביי די נאַציס, האָט מען אים פאַרשאַפט אַ סערטיפיקאַט פאַר ארץ ישראל. דער שפּעטערדיגער רעליגיע־מיניסטער משה חיים שפירא האָט אים דעם סערטיפיקאַט פאַרשאַפט. אויפ׳ן סמך דערפון האָבן די נאַציס אים אַרויסגעלאָזט. ער איז פון נאַצישן לאַגער אַוועק אין דער שווייץ, און פון דאָרט קיין ארץ ישראל. מיט אַ ציוניסטישן סערטיפיקאַט האָט ער זיך געראַטעוועט.

דער געטליכער נימוס האָט געפאָדערט, דער מאָראַלישער געבאָט פון די חכמים האָט דיקטירט, אַז ער זאָל ניט שפייען. ניט שפייען אין דעם ברונעם, פון וועלכן אַנדערע אידן אויך, אין די הונדערטער טויזנטער, כן ירבו, איז באַשערט געווען, און איז נאָך באַשערט, צו טרינקען און זיך ראַטעווען.

דער רבי האָט זיך אויסגעקליבן אַן אַנדער וועג. ער האָט זיך באַזעצט אין אַמעריקע, און פונדאַנען, גענומען שפייען און שנייצן אין דעם הייליגן ברונעם. און ניט נאָר דאָס: ער איז גערן אים אינגאַנצן צו פאַרשיטן מיט שטיינער און שמוץ און פאַרשטאָפּן זיינע וואַסערן.

ווער עס פאַרשטייט ניט אַז דער אונטערגאַנג, חלילה, פון מדינת ישראל איז דער אמת'ער ציל פון סאַטמאַר, יענער פאַרשטייט ניט סאַטמאַר.

איינמאָל האָט דער רבי, ביי אַן אָפענער ספר תורה, געשאָלטן קללות אויף די ציוניסטן און אויף מדינת ישראל.

און איינמאָל, פאַר כל נדרי, האָט דער רבי אַרויסגענומען אַ ספר תורה פון ארון קודש, האָט זיך אַוועקגעשטעלט מיט דער ספר תורה אויף די הענט, און האָט זיך געווענדט צו די מתפללים בזה הלשון:

אויב סע געפינט זיך דאָ אַ איד וואָס גלויבט אַז אין ארץ ישראל איז איצט אַן אתחלתא דגאולה, זאָל ער גלייך פאַרלאָזן דעם מקום קדוש: איך וויל ניט דאַוונען מיט אים אינאיינעם....

ערב יום כפור, אויף'ן שוועל פון הייליגסטן טאָג, דעם טאָג פון תשובה ותפלה וצדקה, האָט אַ צדיק ניט נאָר ניט אונטערדריקט זיין אייגענע שנאה צו ציון, נאָר ער האָט זיך נאָך באַמיהט אַרויסצורופן שנאה ביי די מתפללים אויך!

דידאָזיגע גיפטיגע שנאה איז צום שאַרפסטן געקומען צום אויסדרוק אין די צוויי היסטאָרישע מאָמענטן: די סיני אַקציע און די רעוואָלוציע אין אונגאַרן.

אין די וואָכן פון דער סיני אַקציע האָט דער רבי געווידמעט זיינע שבת'דיגע תורה'ס, אין דער פרי ביים דאַוונען און פאַרנאַכט ביי די שלש סעודות'ן, צום ענין ישראל און סיני. דידאָזיגע תורה'ס זיינען אַרויס־געגעבן געוואָרן פון זיינע אייגענע תלמידים אין אַ קונטרס מיט'ן נאָמען: „קונטרס חידושי תורה שנשמעו בכ"ק אדמו"ר שליט"א מסאַטמאַר". און ווען איך ווייס ניט אַז דאָס איז די תורה פון אַ צדיק, וואָלט איך געזאָגט: אַ רשע האָט אַזוי גערעדט! דער קונטרס טראָגט מורא'דיגן קיטרוג אויף אידן, און שנאה צו מדינת ישראל, און אַפילו כפירה, רחמנא ליצלן....

די גרויסע טעמע פון דעם קונטרס איז מדינת ישראל און דער ס"מ, דער סמך מם, דער שטן, די סטרא אחרא, דאָס מלכות פון טומאה. דער סאַטמאַרער רבי האָט אָפּגעפּסק'נט, אַז ארץ ישראל היינט שטייט ניט אונטער דער השגחה פון ג־ט, נאָר געפינט זיך אין רשות פון דעם שטן און האַר פון די מחבלים. און אָט איז דער לשון פון דעם צדיק פון סאַטמאַר:

„וידוע שארץ ישראל אין לה שום שר למעלה אם ישראל זוכין אז השי"ת בעצמו הוא השר על הארץ כמש"כ ארץ אשר ד' אלקיך דורש

אותה תמיד. רק אם ישראל פוגמין ח״ו וחוטאין אז נעשה הס״מ שרו של ארץ ישראל וכמש״כ הב״ח או״ח סימן ר״ח״....

דאָס איז טייטש: ארץ ישראל האָט ניט קיין שום שר אין הימל, הקב״ה אַליין איז איר שר, נאָר אַז אידן זינדיגן, ווערט דער ניט־גוטער דער שר פון ארץ ישראל.

מיר ווייסן, און האָבן עס בקבלה פון אונזערע אָבות אבותינו, אַז אַ גוטער איד, אַ רבי, אַ צדיק איז שטענדיג געווען אַ מלמד זכות אויף אידן און האָט שטענדיג מלחמה געהאַלטן מיט׳ן שטן פון אידנסוועגן. און וואָס זעען מיר דאָ? דער רבי האָט דעם שטן אַוועקגעזעצט אויף ג־ט׳ס כסא הכבוד איבער ארץ ישראל, און אַליין האָט ער זיך געשטעלט ביי זיין רעכטער האַנט מקטרג צו זיין אויף אידן!

מיר האָבן געלערנט אַז אַן איינציגע מזוזה אזי גענוג כדי צו ראַטעווען אַן עיר הנדחת פון פאַרלענדונג. אין זכות פון צען צדיקים האָט סדום געקענט פאַרשוינט ווערן. און ארץ ישראל איז ב״ה פול מיט שולן און בתי מדרשים, ישיבות און חדרים, די חדרים פול קיין עין הרע מיט תינוקות של בית רבן וואָס האָבן ניט פאַרזוכט דעם טעם פון זינד, עס שוויבלט און גריבלט מיט דאַוונער און לערנער, מיט לומדים, גאונים, צדיקים און חסידים, מיט רבנים און זייערע הייליגע עדות, מיט נשים צדקניות; דאָ איז דער קול פון תורה קיינמאָל ניט פאַרשטילט און די האַנט פון צדקה קיינמאָל ניט פאַרמאַכט; דאָ געפינען זיך די קברים פון די אבות, פון דוד המלך, פון די תנאים, פון די הייליגע מקובלים, און איבער אַלעמען איז אויסגעגאָסן די קדושה פונ׳ם כותל מערבי — אויף אָט דער גאַנצער הערליכער מלוכה פון אידישקייט זאָל זיין אויסגעשפרייט די ממשלה פון דעם שטן המשחית?

קיין נביא און קיין כהן, קיין תנא און קיין חכם, אפילו אין די זיב־דיגסטע אידישע דורות אין ארץ ישראל, האָט קיינמאָל ניט איבער־געענטפערט דאָס הייליגע לאַנד אין רשות פון דעם שטן. ביז ס׳איז געקומען סאַטמאַר....

די גאַנצע וועלט ווייס ווי אַזוי ס׳איז געקומען צו דער סיני אַקציע. די יאָרנלאַנגע פראָוואָקאַציעס, רוצח׳ישע אָנפאַלן דורך אַריינדרינגער אין די גרעניצן פון ישראל, און שליסלעך די בערג מיט סאָוועטישן כלי זין וואָס עגיפטן האָט אָנגעזאַמלט אין מדבר סיני פאַר אַן אַטאַקע אויף ישראל — דאָס אַלץ האָט באַוואויגן ישראל צו דער סיני אַקציע. די רבנים, גאונים און גדולי ישראל אין ארץ ישראל האָבן דערקלערט די סיני אַקציע פאַר אַ מלחמת מצוה און האָבן מתיר געמאַכט זי אָנצוהויבן אַפילו אום שבת. נאָר דער צדיק פון סאַטמאַר האָט

גע׳דרש׳נט: מ׳טאָר ניט! מען הרג׳עט אַראַבער שלא כדת! אויף דער סדרה „וישלח״, אין דעם שבת פון דער סדרה, האָט ער באַגרינדעט זיין „פסק דין״, און אָט ווי אַזוי ער האָט גע׳דרש׳נט:

ווען יעקב אבינו איז געגאַנגען זיך באַגעגענען מיט זיין ברודער עשו׳ן און ער האָט דערהערט, אַז עשו גייט אים אַנטקעגן מיט אַ גרויסער מחנה, שטייט: „ויירא יעקב מאד ויצר לו״, האָט יעקב שטאַרק מורא געהאַט און ס׳האָט אים גערדריקט. פרעגן די חז״ל: וואָס האָט ער מורא געהאַט, וואָס האט אים גערדריקט? איז ער דען ניט געווען מובטח פון אויבערשטן אַז ס׳וועט אים קיין בייז ניט געשען? נאָר יעקב האָט מורא געהאַט „שמא יהרוג הוא את אחרים״, טאָמער וועט ער הרג׳ענען אַנדערע.

קומט צוגיין דער סאַטמאַרער און איז מוסיף פון זיך: פאַרוואָס שטייט טאָמער וועט ער הרג׳ענען „אַנדערע״; ווער זיינען דען געווען די אַנדערע? ס׳איז דאָך געווען עשו, וואָס איז אַרויס געגן אים, האָט דאָך געקענט שטיין „טאָמער וועט ער הרג׳ענען עשו׳ן״ . . . איז דער תירוץ: יעקב האָט מורא געהאַט וועגן „אַנדערע״ — דאָס מיינט די שפּעטערדיגע דורות: טאָמער וועלן אידן מלחמה האַלטן ווען זיי דאַרפן ניט, און זיי וועלן הרג׳ענען אַנדערע שלא כדת, אַזוי ווי ס׳איז היינט. . . . און דאָס איז דעם צדיק׳ס לשון אינ׳ם קונטרס:

„ולא היה ירא יעקב אבינו וגם היה מובטח מהקב״ה רק הוא על הדורות האחרונים בעוה״ר ויצר לו שמא יהרוג את אחרים ולא אמר את עשו שזה הכל הוא על הדורות האחרונים שהי׳ ירא שמא ילחמו ישראל כשאין צריכין על כן ויצר לו שמא יהרוג את אחרים ולא אמר כלל עשו דלא על זה ה׳ מיצר לו רק על הדורות שיעשו שלא כדת שהי׳ מיצר לו על הדורות האחרונים שמא יהרגו את אחרים שלא כדת בעוה״ר כמו שהוא עתה״. . . .

וואָס פאַראַ ווייטע און קרומע סמיכות הפרשה! ניט יעקב האָט דאָ געשלאָגן עשו׳ן נאָר עשו יעקב׳ן. און אַזוי איז געווען די לאַגע: דער מצרי נאַסער האָט געשלאָגן יעקב׳ס קינדער; יעקב׳ס קינדער האָבן געשלאָגן צוריק. קומט אַ צדיק אַזש פון סאַטמאַר, און מיט יעקב׳ס מויל פאַר׳משפּט ער זיינע קינדער!

ער נעמט אַ ציגעלע און קאָכט עס אין דער מאַמע׳ס מילך. ער גזל׳ט די פייגעלעך פון נעסט פאַר זייער מאַמע אין די אויגן. . . .

אין נאָרמאַלע צייטן וואָלט מען אויף אַזאַ „תורה״ געזאָגט: ווי אַ דערהער — מהיכא תיתא; ווי אַ דרש — ניש׳קשה; ווי אַ פּשט׳ל — צו דערליידן. אָבער דאָ איז זי געזאָגט געוואָרן ווי אַ הלכה פאַר דער

מדינה אין קאַמף פאַר איר סאַמע קיום. זיינע אייגענע חסידים,אין זייער אייגענעם לעבן און אייגענע אינטערעסן, וואָלטן אויף אַזאַ הלכה, ניט נאָר קיין מדינה, נאָר קיין הינער־שטאַל ניט געשטעלט!

אויף אַן אַנדער אָרט אין דעם קונטרס זאָגט דער צדיק וועגן דער סיני אַקציע עפּעס וואָס איז נאָך פיל גרויזאַמער און טריפ׳ער: די אַקציע איז נאָך אָנגעגאַנגען, זי איז געווען אין סאַמע ברען, דרש׳עט דער רבי און זאָגט: ס׳איז אונז שלעכט אַזוי, און שלעכט אַזוי: אויב די אַראַבער וועלן זיגן איז אַ סכנה פאַר די דאָרטיגע אידן, אָבער נאָך ערגער וועט זיין ווען די אידן וועלן זיגן!... און אָט איז זיין אייגענער לשון:

„כמו כן אנו היום בארצנו הק׳ באיזה דרך שננקוט הוא סכנה גדולה שחלילה אם אומה״ע ינצחו הוא סכנה להכלל ישראל שהם שם וחלילה אם הכופרים ינצחו אז סכנה יותר גדולה דמי יודע מה יבוא עוד אחריו דמי שמאמין בהשי״ת ובתורתו הקדושה יודע שכל פסיעה ופסיעה היא באיסור״ — זעט ווי דער צדיק האָט מער מורא די אידן זאָלן געווינען איידער די אַראַבער! און ער רופט זיי ניט „אידן״, נאָר „כופרים״, לייקענער אין ג־ט. בשעת אונזערע ברידער האָבן געקעמפט פאַר זייער לעבן און פאַר׳ן לעבן פון דער מדינה, איז אין וויליאַמסבורג געשטאַנען אַ „גוטער איד״ און האָט געוואונשן אַ מפלה אויף זיי. יעדער טריט אין זייער קאַמף פאַר זייער לעבן און פאַר אידישן קיום איז אין זיין תורה געווען „איסור״!...

דער רבי אין וויליאַמסבורג האָט געקריצט די ציין אויף די אידן, ער האָט גע׳אסר׳ט זייער קאַמף, מתפלל געווען אויף אַ מפלה פאַר זיי. און די אידן אין סיני זיינען געגאַנגען פון נצחון צו נצחון מיט אַזאַ גלאַנץ, אַז די וועלט האָט געשטוינט. וואָס האָט דער רבי געקענט זאָגן זיין עדה? האָט ער זיי געזאָגט, אַז ניט פון ג־ט קומען די נסים און ישועות, נאָר פון שטן, און ס׳איז אסור פאַר אַ אידן זיך צו פרייען מיט זיי. און אַזוי גייט זיין נוסח אין דעם קונטרס:

„ובמקום שתוה״ק אמרה ושב מאחריך בלי ספק ששם הוא הס״מ א״כ איך יכול יהודי לשמוח בכוחו של הס״מ בעוה״ר, ומוכרח אני לומר האמת שמי שחושב כן ולא רק מי שאומר כן רק אפילו מי שיש לו מחשבה כזאת בוודאי נתפס למינות ואפילו כל העולם כולו יאמרו להיפך ג״כ איני יכול לצאת מגדרי התוה״ק ומוכרח אני לאמר שאיני רוצה להיות לי שום שייכות עם יהודי כזה שיש לו מחשבה כזאת ואיני רוצה שימצא אף בבית המדרש שלי מי שיש לו מחשבה בזה אפילו על רגע אחד בעוה״ר שהיא מקור המינות ואפילו יכבשו כל העולם אסור ליהנות

מהם שהיא צרה גדולה ואני מוסר מודעה על זה שאסור ליהנות מהם רק מי שכופר בתורה יוכל לומר כן״....

ער אסר׳ט פאַר אידן זיך צו פרייען מיט אידישע נצחונות און הנאה האָבן פון אידישע געווינסן אין ארץ ישראל. מדינת ישראל איז אסור בהנאה!...

און ער שטויסט אָפּ פון זיך און טרייבט אַרויס פון זיין בית מדרש יעדן אידן וואָס טראַכט אויף אַ רגע אַז ניט דער שטן, נאָר דער אויבער־שטער האָט געהאָלפן דער מדינה....

און צום וויפילטן מאָל פסק׳עט ער אָפּ, אַז ווער עס האָט אפילו נאָר אַ מחשבה לטובת מדינת ישראל, איז אַ „מין״ און אַ „כופר״.

איר פילט אין דידאָזיגע ווערטער — יע, איר פילט דאָ אַ סך זאַכן! איר פילט דאָ אַ מורא׳דיגע ערגעניש, אַ פאַרצערנדיגן פאַרדראָס איבער דער אידישער מדינה. איר פילט דאָ אַ גאַליגן כעס אויף אידן וואָס פרייען זיך און שטאָלצירן מיט אירע נצחנות, און איר פילט דאָ אַ גרע־ניצלאָזע גאווה: „ווען אפילו די גאַנצע וועלט זאָל זאָגן פאַרקערט״ — דער סאַטמאַרער מאַכט זיך אַליין שקול געגן דער גאַנצער וועלט גאונים און צדיקים....

אין אמת׳ן פאַרפירט אים זיין כעס און ער פאַלט אַליין אַריין אין כפירה. וואָרים ס׳איז כפירה אַז ווען דער אויבערשטער האָט געטאָן מיט אידן נסים, קומט דער סאַטמאַרער צדיק און איז תולה די ישועה, ווי די אַלטע עובדי עבודה זרה, אין שטן. ער איז כופר אין השגחת השם, ער איז ממליך דעם שד, ער איז ממשיל די סטרא אחרא, און וואו? אין דעם קדשי קדשים, אין ארץ ישראל!

אין תוך לייקנט ער ניט די נסים ונפלאות, די טובות ונחמות, נאָר ער בינדט זיי אָן דעם נישט־גוטן.

יע, געגנוי ווי די אַלטע עובדי עבודה זרה. און דאָ לאָמיר ברענגען אַ וואָרט פון הגאון רב זאב סאָלאָוויטשיק שליט״א, דעם בריסקער רב, אין ירושלים:

די גמרא זאָגט, אַז ווען ס׳איז געבוירן געוואָרן יצחק האָבן די ליצני הדור געזאָגט אַז פון אַבימלכ׳ן איז שרה טראָגעדיג געוואָרן, ווייל אברהם איז שוין געווען אַלט. פרעגט דער בריסקער רב: וואָס האָבן דאָ די ליצני הדור „אויפגעטאָן״? סיי ווי איז דאָך געשען אַ נס. שרה האָט געבוירן צו ניינציג יאָר. האָבן דאָך אויך די ליצני הדור געמוזט מודה זיין, אַז עס איז געשען אַ נס. נאָר וואָס? זיי האָבן אָנגעהאַנגען די נסים אין דער סטרא אחרא אַנשטאָט אין קדושה....

געהערט סאַטמאַר צו די „ליצני הדור״?

אַליין אַריינגעפאַלן אין דעם שטנ׳ס נעץ און ער איז עלול צו פאַר־שלעפּן אידן אין דעם שטנ׳ס נעץ. אויב די אומגליקן זיינען אונז אַ שטראָף פון ג־ט, און די ישועות שטאַמען פון דעם שטן, קענען נאָך אידן קומען און זאָגן: פאַרוואָס ניט דינען דעם שטן? שוין געווען אַזעלכס אַמאָל ביי אידן, ווען אידן האָבן גע׳טענה׳ט צום נביא און געזאָגט: „דאָס וואָרט וואָס דו זאָגסט צו אונז אין נאָמען פון השם ועלן מיר דיך ניט הערן, נאָר מיר וועלן . . . רויכערן צו דער הימלשער הערשאַפט ווי מיר און אונזערע עלטערן האָבן געטאָן [ווייל דעמאָלט האָבן מיר געהאַט ברויט צו זאַט און אונז איז געווען גוט און קיין שלעכטס האָבן מיר ניט געזען, און זינט מיר האָבן אויפגעהערט [דינען די אָפּגעטער] פעלט אונז אַלץ און מיר זיינען אונטערגעגאַנגען מיט שווערד און הונגער״ (ירמיה, מד).

אין זיין גרויזאַמן פסק־דין, אַז דער שטן איז היינט שר איבער ארץ ישראל, שפּאַרט זיך דער רבי אָן, ווי מיר האָבן געזען אויבן, אויפ׳ן ב״ח או״ח סימן ר״ח. אָבער מעשה שטן שטייט דאָרט ביים ב״ח הקדוש קיין וואָרט ניט דערמאָנט וועגן דעם! דאָס וואָרט ס״מ אָדער שר קומט דאָרט בכלל ניט אַריין.

און דאָך, אויף דעם סמך, אין צייט פון דעם אַנטי־קאָמוניסטישן אויפשטאַנד אין אונגאַרן, ווען אידן זיינען געלאָפן פון דעם פייער קיין וויען און האָבן געוועגדט זייערע אויגן צו מדינת ישראל, האָט דער רבי באַפוילן זיינע אַדיוטאַנטן דאָרט אויפ׳ן אָרט, און האָט געשיקט ספּעציעלע שליחים פון אַמעריקע, צו וואָרענען די אונגאַרישע פליטים נישט עולה צו זיין קיין ישראל, נאָר זיך פאַרקירעווען אין אַנדערע לענדער.

דערדאָזיגער שענדלעכער קאַפּיטל טאָר ניט פאַרגעסן ווערן און וועט ניט פאַרגעבן ווערן. מיר, וואָס האָבן עס בייגעוואוינט און מיט־געמאַכט, האָבן געשטוינט, און שטוינען וועלן אויך קומענדיגע דורות. און צו העלפן געדענקן די שאַנדטאַט, דאָס רכילות, די לשון הרע און ניבול פה וואָס איז דערביי אויסגערעדט געוואָרן אויף ארץ ישראל און מדינת ישראל, גיב איך דאָ איבער אַ קול קורא, וואָס די שוואַרצע לייט פונ׳ם שטן האָבן אַרויסגעלאָזט צו די אונגאַרישע פליטים. און אַזוי לייענט זיך יענע שאַנד־שריפט, אין אידישער איבערזעצונג:

„צו די פאָרכטיגע פאַר ג־ט׳ס וואָרט:

„עס וועלן געוויס קומען צו אַייך די פאָרשטייער פון ציוניסטישן שטן און אַייך צוריידן איר זאָלט פאָרן צום לאַנד כנען, וואָס רופט זיך ישראל: הערט זיך ניט איין צו זיי, ווייל, ווי באַוואוסט, איז זינט די

אויסגעלאַסענע (פריצים) זיינען געקומען צו אונזער הייליג לאַנד און האָבן עס פאַרשוועכט, איז ארץ ישראל געוואָרן אויס הייליג און איז צוריק געוואָרן דאָס טמא׳דיגע לאַנד כנען (ארץ כנען הטמאה).

„היט אייער נשמה און די נשמה פון אייערע קינדער ניט אַריינצו־פאַלן חס ושלום אין דעם נעץ פון דעם שטן. אונזער גרויס־גנעדיגער האַר (אדוננו רב החסד צדיק וחסיד אומות העולם) דער פרעזידענט מר. דוואַיט ד. אייזענהאַוער, יורם הודו, האָט צוגעזאָגט אַז אַלע פליטים וועלן קריגן וויזאַס אַריינצוקומען קיין אַמעריקע. פון דעם שטאַנד־פונקט אויס דאַרף מען זיך היטן פון די פאָרשטייער פון דעם ציוניסטישן שטן. מען זאָל זיך אויך היטן פון דעם מזרחי־שטן און דעם אגודה־שטן, ווייל אַלע האָבן זיי איין געדאַנק, דעם געדאַנק פון רשעים.״

דערדאָזיגער פּאַסקוויל אויף ג־ט׳ס הייליג לאַנד איז אַ פּאַסקוויל אויף ג־ט אַליין און ער איז געוויס פאַרשריבן געוואָרן אויף אַ שוואַרצן בלאַט אין ג־ט׳ס ספר הזכרונות. אויפ׳ן זעלבן בלאַט, אין צעקרימטע אותיות, איז געוויס אויך פאַרשריבן דער נאָמען פון דעם טרעגער פון דערדאָזיגער שרעקליכער חזיר־טריפ׳ער און שלאַנגיש־פאַרשאָלטענער שליחות: הרב מנחם מענדל וואַשרין־רובין, מוזשערער רב.

ס׳איז געווען הרב אהרן ב. שורין, וואָס האָט דער ערשטער אַרויס־געבראַכט דאָס שטיק פון אַ פּאַסקוויל אין אַמעריקע („פאָרווערטס״, יאַנואַר 22, 1957), און דערפאַר האָבן די סאַטמאַרער אָנגעהויבן זייער קייט רדיפות אויף אים. ריכטיג באַמערקט דאָרט דער חשוב׳ער שרייבער, אַז ער צווייפלט צי אַן אַמעריקאַנער איד האָט אַ רעכט צו געבן אַן עצה טובה די אונגאַרישע צעבראָכענע אידן צו פאָרן דווקא קיין ארץ ישראל. אָבער פון דער אַנדערער זייט איז זיכער אַ פאַרברעכן פון אַן אַמעריקאַנער אידן צו טרייבן פּראָפּאַגאַנדע צווישן די פליטים אַז זיי זאָלן ניט פאָרן קיין ארץ ישראל.

פאַרשטייט זיך, אַז מיט אַוועקלענקען די אונגאַרישע פליטים פון מדינת ישראל האָט דער רבי געהאַט ניט בלויז אַן „אידעאָלאָגישן״ ציל, נאָר אויך אַ גאַנץ פּראַקטישן: צו פאַרגרעסערן זיין אייגענע מחנה אין אַמעריקע מיט זיינע אייגענע לאַנדסלייט און פאַרשטאַרקן זיין ממשלה אין גאָלדענעם לאַנד.

אין ערגעץ האָט זיך ניט געזען די האַנט פון דעם שטן איבער סאַטמאַר שאַרפער ווי אין דעם עפּיזאָד אונגאַרן. דאָ האָט זיך באַוויזן דאָס גאַנצע בייז און די גאַנצע שנאה למעשה.

צווישן די אַמבאַסאַדאָרן וואָס די פעלקער שיקן צו מדינת ישראל, איז דער סאַטמאַרער רבי דער אַמבאַסאַדאָר פון דעם שטן. . . .

געוועזן צדיקים פון חסידות וואָס האָבן זיך קונה שם געוועזן אין דער וועלט מיט זייער ליבשאַפט צו אידן און זיינען אויף אייביג געקרוינט געוואָרן מיט'ן שם „אוהב ישראל". אַזאַ איז געוועזן דער אַפּטער רב, ר' משה ליב סאסובער, ר' לוי יצחק. דער אַפּטער זצ"ל, יעדער נאַכט פאַר'ן שלאָפן גיין, פלעגט ער אָנשפּאַרן דעם קאָפּ אויף דער האַנט און מתפלל זיין: בני ישראל אני כפרתם....

דער סאַטמאַרער רבי איז דער ערשטער וואָס וועט אַריין אין דער געשיכטע מיט'ן טרויעריגן שם: „דער שונא ישראל"....

כדאי נאָך צו פאַרצייכנען אַ פּיל באַדייטנדיגן עפּיזאָד פון יענעם טרויעריגן קאַפּיטל אונגאַרן. ס'איז געוועזן באַריכטעט אין דער ישראל פּרעסע. אַן אונגאַרישער איד וואָס איז אָנגעקומען קיין ישראל האָט דערציילט:

„דעם גאַנצן וועג קיין ישראל האָב איך זיך געקווענלט צי האָב איך ריכטיג אויסגעקליבן ווען איך האָב זיך אַנטשלאָסן בעסער צו פאָרן קיין ישראל איידער קיין אַמעריקע. און נון איז די שיף אָנגעקומען קיין חיפה. נאָך פון ווייטנס, ווען איך האָב דערזען די שטאָט און דעם כרמל, בין איך שטאַרק איבערוועלטיגט געוואָרן פון געפיל און האָב הויך אויפ'ן קול געמאַכט „שהחינו". הינטער מיר האָב איך דערהערט ווי אימיצער האָט געענטפערט „אמן". איך דריי זיך אום אַ קוק צו טאָן ווער ס'האָט דאָס געטאָן, און איך דערזע: ס'איז דער קאַפּיטאַן פון דער שיף. דעמאָלט האָב איך ביי מיר באַשלאָסן: אַ לאַנד וואו דער קאַפּיטאַן פון אַ שיף ענטפערט אמן אויף דער ברכה פון אַ אידן, איז דאָס לאַנד פאַר מיר. איך האָב ריכטיג אויסגעקליבן".

## „על הנסים"

אַ קורצע צייט נאָך דער סיני־אַקציע האָט זיך באַוויזן אַ קליין ביכעלע וואָס האָט אַרויסגערופן אַ גרויס געררודער אין די רעליגיעזע קרייזן סיי אין ארץ ישראל, סיי אין חוץ לארץ. דער נאָמען פון דעם ביכעלע איז „קונטרס על הנסים", אַ שריפט וועגן די נסים. דער אמת'ער נאָמען פון דעם פאַרפאַסער איז ניט באַקאַנט. דער מחבר שרייבט זיך אונטער מיט דעם פאַרשטעלטן נאָמען פון סתם אַן „איש ירושלים", אָבער ס'ווערט גיך קלאָר פון וועלכע קרייזן ער קומט. כאָטש לויט'ן גייסט האָט ער געקענט זיין אַ „פרייער", אַ מפא"י'ניק אָדער מפ"מ'ניק, אָבער דער טעם פונ'ם שרייבן איז פון אַ נטורי־קרתא'ניק, און ס'איז געווען גוטער גרונט צו דענקען, אַז דער מקור פון דער שריפט איז געווען — וויליאַמסבורג.

אַ שריפט וועגן „די נסים" — וועגן וועלכע נסים האַנדלט זיך דאָ? וועגן די נסים וואָס זיינען געזען געוואָרן אין דעם גרויסן נצחון וואָס די ישראל אַרמיי האָט אָפּגעהאַלטן געגן די מצרים אין דער סיני־אַקציע. דאָס איז דער עיקר. נאָר אין איין וועג רעדט שוין דער מחבר אויך וועגן דער מלחמה אין יאָר 1948, ווען דאָס עופ'עלע פון אַ מדינה איז באַפאַלן געוואָרן פון זיבן אַראַבישע פעלקער און האָט זיי אַלעמען געשלאָגן צו דער ערד. דאָ האָבן אויך אידן געזאָגט, ניט אַנדערש, אַז עס זיינען געשען נסים.

די נטורי קרתא קענען ניט הערן ווען מ'רעדט פון נסים אין שייכות מיט מדינת ישראל. וואָרים אויב עס זיינען געשען, און עס טוען געשען נסים, הייסט דאָך עס אַז ג־ט'ס האַנט איז דערביי און מדינת ישראל איז מן השמים, און דאָס שטימט ניט מיט זייער שיטה.

איז געקומען איינער פון זיי, אַ מענש גראָד מיט אַ געשיקטער פעדער, און האָט זיך אונטערגענומען צו באַווייזן, אַז די נסים זיינען קיין נסים ניט און אַלץ איז פאָרגעקומען אויף אַ נאַטירלעכן שטייגער.

מוז מען גלייך אין אָנהויב בלייבן שטיין פאַרוואונדערט: אַ פרומער איד זאָל אָפּטיילן דעם נאַטירלעכן שטייגער פון דעם געטלעכן שטייגער און זאָגן, אַז איינער האָט ניט צו טאָן מיט'ן אַנדערן? דאָס הייסט דאָך

גראָבער מאַטעריאַליזם, אָדער די אָנערקענונג פון צוויי רשות׳ן אין דער וועלט!

דאָס איז דאָך אַ בפירוש׳ע סתירה צום ערשטן „אני מאמין״, וואָס זאָגט „שהבורא יתברך שמו״ — דער אויבערשטער — „הוא בורא ומנהיג לכל הברואים״ — ער איז דער באַשעפער און פירער צו אַלע לעבעדיגע באַשעפענישן — „והוא לבדו עשה ועושה ויעשה לכל המעשים״ — און ער אַליין איז דער וואָס האָט געטאָן, טוט און וועט טאָן אַלע מעשים. . . .

דערדאָזיגער דרך פון „איש ירושלים״ דערמאָנט צו־שטאַרק אָן יענע, גוים צי אידן, וועלכע נעמען דעם ספר בראשית, און די גאַנצע תורה, און זאָגן: זעצט זיך אַוועק מיט אונז און מיר וועלן אייך באַווייזן, אַז אַלץ וואָס דאָ שטייט אַז ג־ט האָט באַשאַפן אָדער גורם געווען, איז געשען אויף אַ נאַטירלעכן אופן: די מעשה בראשית, קריעת ים סוף, דער מן. . . .

די מעטאָדע גופא פון דעם „איש ירושלים״, דער צוגאַנג אַליין איז שוין אַ ניט־פרומער. דער ערליכער איד פילט זיך שטענדיג, אָהן אויפהער, אַרומגערינגלט מיט נסים. דאָס אַריינציען דעם אָטעם און אַרויסלאָזן דעם אָטעם, דאָס אויפהויבן אַ האַנט, דאָס שטעלן אַ פוס, אַ פינטל מיט אַן אויג — דאָס אַלץ איז פאַר׳ן ערלעכן אידן ניט סתם „נאַטור״, נאָר ס׳איז אַ געטלעכער איינשטעל און אונטער געטלעכער השגחה. דער פרומער איד, יעדן טאָג אין דאַוונען, דאַנקט דעם באַשעפער „אויף דיינע נסים וואָס זיינען יעדן טאָג מיט אונז און דיינע וואונדער פון יעדער צייט, אין אָוונט, אין דער פרי און בייטאָג״. און דווקא פון ארץ ישראל, וואָס אויף איר זאָגט עדות די תורה אַליין, אַז „ג־ט׳ס אויגן זיינען אויף איר פון אָנהויב יאָר ביז סוף יאָר״, זאָל זיך האָבן אָפּגעטאָן ג־ט׳ס השגחה?

נאָך פון יענער צייט אָן, ווען היטלער׳ס קאָמאַנדיר, ראָמעל, איז געשטאַנען ביי די טויערן פון ארץ ישראל און ער האָט ניט דערלעבט צו שטעלן אַ פוס אין הייליגן לאַנד, האָבן שוין אידן אָנגעהויבן זען נסים אַרום ארץ ישראל. דאַן די מלחמה נאָך דער עטאַבלירונג פון דער מדינה, ווען די אידן האָבן פאַרמאָגט ניט מער ווי דריי טויזנט אַלט־מאָדישע ביקסן און פינף פאַרעלטערטע קאַנאָנען — אפילו פריידענקער האָבן געזאָגט, אַז נאָר מיט נסים האָט מען געקענט דערקלערן דעם אידישן נצחון. עס ווערט דערציילט אַז דער מפ״ם־פירער חזן האָט זיך אין יענער צייט אויסגעדריקט, אַז „איין טאָג האָב איך געזען ג־ט״.

קומט צוגיין דער פרומער נטורי קרתא׳ניק און זאָגט: ניין, ס׳איז לא היה ולא נברא, ג־ט איז ניט געווען דערביי. ער דערקלערט, אַז אַלץ האָט נאָר אויפגעטאָן בן־גוריון, זיין קאָמאַנדיר משה דיין, בעסערע טעכניק, פּראָפעסיאָנעלע אויסבילדונג, חלוצ׳ישער גייסט, און ער ברענגט ראיות פון דער „טאַימס“, דעם „ניו יאָרק העראַלד־טריביון“, טשוירטשיל, אַייזענהאַואער, קראָסמאַן, און נאָך אַזעלכע בר־סמכא׳ס אויף נסים....

„ראָמעל׳ס אַרמיי — שרייבט דער ,איש ירושלים׳ — איז קיינמאָל ניט געשטאַנען ביי די טויערן פון ארץ ישראל. זיי האָבן אפילו ניט איינגענומען אַלעקסאַנדריע, נאָר זיי זיינען געשלאָגן געוואָרן אין מצרים פון די ענגלענדער“.... וועגן דער מלחמה פון 1948 שרייבט ער, אַז „דער עיקר פון די נסים איז געווען אָפּהענגיג אין דער הילף וואָס די רוסן האָבן געגעבן די ציוניסטן, דורך די טשעכן“, און אַזוי ווייטער: אָט דאָס איז דורכאויס דער נוסח פון דעם פרומען שרייבער פון דער בראָשור, וואָס איז לכל הדעות אַ גאָטלאָזע שריפט. ווי האָט אַ פרומער שרייבער געקענט ניט אינזינען האָבן דעם פסוק: „דאָס האַרץ פון מלכים איז אין ג־ט׳ס האַנט“, אָדער „דער קעניג ווערט ניט געהאָלפן מיט גרויס חיל, דער גיבור ווערט ניט געראַטעוועט מיט גרויסן כח“?

נאָר די נטורי קרתא ווילן ניט קיין נסים פאַר ישראל, זיינען זיי מבטל די נסים.

די זאַך דערמאָנט אין אַ מעשה וואָס האָט זיך פאַרלאָפן אַמאָל אין פראַנקרייך. ס׳איז געווען אין אָנהויב פון 18טן יאָרהונדערט. עס האָט געפלאַקערט אַ גרויסע מחלוקת צווישן די יעזואיטן און די אַזוי־גערופענע „יאַנסעניסטן“. דערווייל איז ביי די יאַנסעניסטן געשטאָרבן זייערער אַ נזיר, אַ צדיק, וואָס דער עולם האָט דערקלערט פאַר אַ הייליגן, און באַלד האָט מען אָנגעהויבן גיין אויף זיין קבר און דער־ציילן פון נסים וואָס געשעען דאָרט: קראַנקע ווערן געזונט, קאַליקעס ווערן געהיילט און נאָך אַזעלכע וואונדער. די יעזואיטן האָט עס ניט געשמעקט און זיי האָבן גע׳פועל׳ט ביים קעניג ער זאָל שליסן די סעמעטערי וואו יענער הייליגער איז געלעגן. און באַלד דערויף האָט זיך באַוויזן אַ שילד אויפ׳ן טויער פון דער סעמעטערי מיט פאָלגנדער אויפשריפט:

"De par le roi, defense a Dieu
Du faire miracles en ce lieu!"

וואָס דאָס מיינט: „אויפ׳ן באַפעל פון קעניג, ווערט פאַרבאָטן צו גאָט צו באַווייזן נסים אויף דעם פלאַץ“!...

הפּנים דאָס אייגענע איז, להבדיל, מיט אונזערע נטורי קרתא: זיי האָבן פאַרבאָטן דעם רבנו של עולם ער זאָל טאָן נסים מיט מדינת ישראל....

די שטעלונג פון די נטורי קרתא צו דעם געפּיל פון נסים וואָס פּילט אָן די הערצער פון אידן אין ישראל, איז פאַר מיר ניט קיין נייעס ערשט פון דער בראָשור אַרויס. איך האָב עס געהערט אַ סך פריער, ווען איך בין געווען אין ישראל, אין דעם וויכוח וואָס איך האָב געהאַט מיט אַ יונגן נטורי קרתא׳ניק און וואָס איך האָב אין זיין צייט באַשריבן. אָבער איך האָב אים געגנגעשטעלט מיט איין נס, און האָב אים אויפגעפאָדערט ער זאָל עס אָפּלייקענען אויב ער וואַגט. און ער האָט ניט געוואַגט צו זאָגן ניין. ער האָט געשוויגן. איך געדענק נאָר, אַז ער איז שטאַרק בלייך געוואָרן.

איך האָב אים געפרעגט: אין יאָר 1948, אין דער מלחמה מיט די אַראַבער, פאַרוואָס האָט זיך דאָס אַראַבער פאָלק אויפגעהויבן ווי איין מאַן און אַוועק פון לאַנד? איר זייט דעמאָלט געווען אין ארץ ישראל — האָב איך אים געזאָגט — און איר ווייסט זייער גוט אַז די אידן האָבן זיך ניט געריכט דערויף, האָבן עס ניט געפּלאַנט און האָבן עס אפילו ניט געוואָלט. פאַרקערט, זיי האָבן זיך געבעטן ביי די אַראַבער: בלייבט! זיי האָבן אַרויסגעשיקט וועגענער מיט הילכערס איבער די גאַסן און גערופן: גייט ניט אַוועק! בלייבט מיט אונז! נאָר קיין קראַפט האָט ניט געקענט אָפּהאַלטן דעם שטראָם.

ערשט לאחר המעשה האָבן זיך די אידן געכאַפּט, אַז אין אמת׳ן איז דאָ אַ גרויסער נס געשען. וואָרים וואָס פאַראַ אידישע מדינה וואָלט עס געווען מיט צוויי מאָל אַזויפיל אַראַבער וואָס האָבן פאַרשלונגען די זעקס הונדערט טויזנט אידן, ווי ס׳איז דעמאָלט געווען די פּראָפּאָרץ אין לאַנד? וואוהין וואָלטן זיך אַהינגעטאָן די עולים, דער קיבוץ גליות, וואָס האָבן זיך אַ גאָס געטאָן מיט דער מדינה? דאָס לאַנד איז קליין, דאָס אָרט איז ענג....

האָבן גענומען די אַראַבער און האָבן זיך אויפגעהויבן און האָבן אָפּגע־ליידיגט דאָס לאַנד פאַר די אידן! זיי האָבן נאָכגעפאָלגט וואָס אַ פסוק האָט זיי לאַנג געהייסן טאָן . . . אַ פסוק און אַ נבואה....

אַזוי האָב איך גערעדט צו מיין בעל וויכוח.

„וואָס פאַראַ פסוק?“ האָט ער זיך ראָפּטאָם אויפגעשטעלט, „וואָס פאַראַ פסוק און וואָס פאַראַ נבואה?“...

געלאַסן און באַדאַכט, כדי אויסצוציען די געהויבענע רגע, האָב איך געעפנט דעם תנ״ך, אויפגעמישט ישעיה מט, יח, און גענומען לייענען:

„שאי סביב עיניך וראי כולם נקבצו באו לך . . . כי חרבותיך ושוממתיך וארץ הרסתיך כי עתה תצרי מיושב ורחקו מבלעיך”. . . .

„הויב אויף אַרום דיינע אויגן און זע: אַלע האָבן זיי זיך צונויפגעזאַמלט, געקומען צו דיר . . . אין דיינע חורבות און דיינע וויסטענישן און דיין צעשטערט לאַנד, און איצט וועט דיר זיין ענג פון דעם אײַנוואוינער, ורחקו מבלעיך, וועלן דיינע פאַרשלינגער זיך דערווייטערן”. . .
זיי וועלן אָפּטרעטן. . .זיי וועלן זיך אָפּטראָגן. . . .

איצט פאַרשטייט איר שוין — האָב איך געפרעגט מיט האָפּערדיגקייט — פאַרוואָס די אַראַבער זיינען אַוועק? זיי האָבן אויסגעפאָלגט די נבואה וואָס איר, כשר'ער נטורי קרתא'ניק, ווילט ניט אָנערקענען. . . .

די יציאה פון די אַראַבער איז געווען אַן אומבאַגרייפליכער וואונדער. אַ וואונדער איבער וואונדער. די תורה צייכנט שוין אויס די באַזונדערע גרויסקייט און וואונדערליכקייט פון אַזאַ געשעהעניש ווי דאָס אַרויסגיין פון איין פאָלק פון צווישן אַן אַנדערן. משה זעגנט זיך מיט די אידן אין מדבר און פרעגט: „הנסה אלקים לבוא לקחת לו גוי מקרב גוי” — צי האָט ג־ט געוויזן נאָך אַזאַ נס צו קומען און אַרויסנעמען איין פאָלק פון צווישן אַן אַנדער פאָלק: אַזוי זאָגט משה צו די אידן (דברים ד, לד). דאָס ווערט דאָ באַצייכנט ווי איינער פון די גרעסטע נסים ונפלאות. בלויז צוויי מאָל אין דער גאַנצער מענשליכער געשיכטע איז עס געשען. איין מאָל ווען די אידן זיינען אַרויס פון מצרים, דאָס צווייטע מאָל ווען די אַראַבער זיינען אַרויס פון ארץ ישראל: ניט אַנדערש ווי נאָר דער אויבערשטער האָט זיי גענומען פאַר דער האַנט און אַרויסגעפירט. . . .

נסים ברענגען צו אמונה. ווי אין פסוק שטייט: „און ישראל האָט געזען די גרויסע האַנט וואָס ג־ט האָט געטאָן אין מצרים . . . האָבן זיי געגלויבט אין ג־ט און משה'ן זיין קנעכט”. די נטורי קרתא פאַרשמירן די נסים, וואָס קענען צוריק ברענגען דערווייטערטע צו אמונה.

זיי לייקענען אָפּ די נסים ווי אמת'ע כופרים.

אָבער זיי צו להכעיס, טוען נסים פּאָרט געשען מיט ישראל. אפילו דידאָזיגע בראָשור פון דעם „איש ירושלים” איז אויך אַ נס. וואָרים זי ווייזט קלאָר פאַר דער גאַנצער וועלט, אַז ווער עס האַלט זיין האַנט אויפגעהויבן געגן דער מדינה, אפילו ווען ער איז דער פרימסטער צווישן פרומע, איז זיין סוף, אַז ער וועט דערגיין צו כפירה. . . .

## ציוניסטן און „בלוט"

דער אידישער חורבן פון אונזער צייט, דער דריטער און גרעסטער פון אַלע אונזערע חורבנות, האָט נאָך זיין תיקון ניט געפונען אין דער אידישער מחשבה. קיינער האָט זיך נאָך ניט דערטראַכט זיין זין: פאַרוואָס? פאַרוועמען? פאַר וועלכע זינד אַזאַ אימה׳דיגע שטראָף? דעם ווייטאָג האָט שוין ניט איין דיכטער געפּרואווט אויסזויינען און אויס־שרייען, כאָטש דאָס אומגליק איז צו גרויס פאַר געוויין און געשריי; אָבער צו געפינען דעם זין — דאָס האָט נאָך קיין פאָרשער און קיין דענקער ניט געפּרואווט. ניט געוואַגט צו פּרואוון. דער מוח ווערט שטאַר אַנטקעגן דעם אומגעהויער און פחד פון דער קאַטאַסטראָפע. ווער ווייס צי די פראַגע ליגט ניט לכתחילה אויף יענער זייט פון יעדער מחשבה?

אָבער דאָס איז געזאָגט וועגן דעם וועלטלעכן, ניט־גלויביגן דענקער. ער קען אָפּשטויסן די פראַגע פון זיך גאָר אינגאַנצן. ניט אַזוי איז עס מיט׳ן רעליגיעזן מענטשן, דעם מאמין. דער קען זיך ניט באַהאַלטן פון דער פראַגע, און ער קען זי אויך ניט צו־לאַנג אָפּלייגן, אויב ער וויל ניט אַז די אַפּיקורסות זאָל זיך פאַרשפּרייטן. ער מוז רעכטפערטיגן די וועגן פון ג־ט פאַר׳ן מענטשן, אפילו אין דעמדאָזיגן גרויסן חורבן. אַניט איז ער מודה, אפילו ער זאָגט עס ניט מיט׳ן מויל, אַז ס׳איז חלילה קיין גערעכטער ג־ט אויף דער וועלט ניטאָ.

נון, איז געקומען דער סאַטמאַרער רבי און האָט געלאָזט הערן זיין קול אין דערדאָזיגער גרויסער און מורא׳דיגער זאַך. אין אַ גרויסער דרשה וואָס ער האָט געזאָגט, האָט ער אַרויסגעזאָגט זיין דעה, און דערנאָך איז די דרשה אָפּגעדרוקט געוואָרן אין „המאור" (תמוז, תשי"ח) אין ניו יאָרק, און אין „חומתנו" (ה׳ אב, תשי"ח) אין ירושלים, און זי איז פאַנאַנדערגעטראָגן געוואָרן אויף הונדערטער חסידישע צינגער, צו באַלערנען די אידישע וועלט און „באַרוהיגן" אידישע הערצער.

און וואָס האָט דער רבי געזאָגט? ווער, האָט ער געזאָגט, איז שולדיג אין דעם גרויסן חורבן, וואָס האָט אָפּגעווישט זעקס טויזנט קהילות און האָט צוגענומען זעקס מיליאָן נפשות?

„היינט איז שוין באַוואוסט צו יעדן איינעם — האָט דער רבי געזאָגט — אַז דער ציוניזם, ער איז עס וואָס האָט גורם געווען די פאַרניכטונג פון זעקס מיליאָן אידן”....

וואונדערט איר זיך גלייך אין אָנהויב: „באַוואוסט צו יעדן איינעם”? ווער איז „יעדער איינער”? דערווייל האָט מען עס נאָר געהערט פון דעם סאַטמאַרער רבי'ן אַליין, און זיינע נטורי קרתא, פאַרשטייט זיך. נאָר מיר וועלן דאָס לאָזן אויף שפּעטער. דאָ איז אונז וויכטיג ניט אַזוי דער זאָג אַליין, ווי די באַגרינדונג, דער יסוד אויף וועלכן ער איז געשטעלט. און די באַגרינדונג איז אַ דאָפּלטע: איינע אַ הימלישע, די אַנדערע אַן ערדישע.

די ציוניסטן האָבן מיטגעבראַכט דעם אונטערגאַנג פון די זעקס מיליאָן, זאָגט דער רבי, „ניט נאָר דערמיט וואָס זיי האָבן פאַרגיפטעט אידישע הערצער מיט זייער כפירה, וואָס האָט אונטערגעגראָבען אַלע אידישע הייליגקייטן, וואָרים ס'איז באַוואוסט אַז די כפירה איז גורם אַלדאָס שלעכטס, נאָר דער עיקר דורך דער שיטה פון זייער פּאָליטיק און זייער אומפאַראַנטוואָרטלעכקייט זיינען פאַרניכטעט געוואָרן מיליאָנען אידן, ווייל לויט זייער צעטומלטן פאַרשטאַנד („דעתם המשובשת”) האָבן זיי געגלויבט אַז נאָר מיט אידיש בלוט וועלן זיי קענען אויפשטעלן פאַר זיך אַ זעלבסטשטענדיגע מדינה”....

און לסוף ציהט דער רבי אונטער אַ סך הכל פון זיינע רייד און דערקלערט קאַטעגאָריש: „איך בין איבערצייגט, אַז ווען ניט דער ציוניזם וואָלט ניט געקומען אויף אונז דאָסדאָזיגע גאַנצע בייז און דערדאָזיגער מורא'דיגער חורבן”....

האָבן מיר דאָ, ווי געזאָגט, אַ באַגרינדונג אויף צוויי סיבות: די זינד מיט גאָטלאָזיגקייט, און אַ פּאָליטיק פון בלוט. און נאָכאַמאָל זאָגט עס איבער דער רבי: „ביידע זאַכן האָבן זיי (די ציוניסטן) געטאָן; פריער האָבן זיי געמאַכט אידן צו זינדיגן, און דערמיט האָבן זיי גורם געווען אַז מאַסן אידן זאָלן גע'הרג'עט ווערן, כדי זיי זאָלן באַקומען די מדינה”....

מיט דער „פּאָליטיק פון בלוט” מיינט דער רבי יענע וויסטע באָבע־מעשה, אַז מ'האָט געקענט ראַטעווען אַ סך אידן פון די נאַצישע הענט, מ'האָט געקענט אויסלייזן, אויסקויפן מיט געלט, נאָר די ציוניסטן האָבן בכיוון צעשטערט דידאָזיגע אַלע מעגלעכקייטן, ווייל זיי האָבן געהאַלטן, אַז נאָר ביי אַ סך אידישע קרבנות, ביי אַ סך פאַרגאָסענעם אידישן בלוט, וועט מעגלעך זיין צו רירן די געוויסנס פון די פעלקער צו באַוויליגן אַ אידישע מדינה אין ארץ ישראל. וואָס מער אידן אין די גאַזקאַמערן,

וואָס מער אידן אין די קרעמאַטאָריעס — דאָס זאָל האָבן געווען די ציוניסטישע פּאָליטיק פון בלוט.

און די ציוניסטן, לויט דערדאָזיגער לעגענדע, האָבן געהאַט דעם כח צו צעשטערן די אַלע רעטונגס־מעגלעכקייטן, ווייל זיי האָבן געהאַט זייער האַנט אויף אַלע גרויסע נאַציאָנאַלע פּאָנדן.

דאָס איז אַלץ. דאָס איז אינגאַנצן דעם רבי׳נס געדאַנק וועגן דעם מורא׳דיגן חורבן, זיינע קרבנות און זיינע שולדיגע. אַ גוטע שיטה צו פאַרפלאַנצן מורא און האַס אין נאַאיוו־פרומע אידישע הערצער געגן מדינת ישראל.

אָט דאָס איז דער שרעקלעכער, דער מורא׳דיגער, דער טייוולישער פּזמון וואָס דער סאַטמאַרער און זיין מחנה, אין דרשות און אין שריפט, און פון מויל צו מויל, שפּרייטן אין פאָלק און זוכן צו פאַרפלאַנצן אין אידישע הערצער.

איך האָב אַ סך מאָל געלייענט דידאָזיגע שורות און האָב לאַנג געטראַכט איבער זיי, און איך האָב זיך געפרעגט און געפרעגט און געפרעגט:

— אַ רב ביי אידן, אַ צדיק ביי זיינע חסידים, אַ פּוסק אין תורה און אַזוי משפּט ער אַ משפט צדק? אָט דאָס איז אַ געריכט איבער מיליאָנען אידן, אפילו ווען זיי זיינען ציוניסטן? דאָס איז דאָך אַ משפט אין דיני נפשות. מעג דען בכלל, לויט׳ן אידישן דין, איין רב, אָן איינציגער שופט, משפּט׳ן אין דיני נפשות? און פאַר׳משפּט׳ן אַ ציבור? אפילו ווען עס גייט אין איין מערדער און איין געמאָרדעטען, בפרט אַז דאָ גייט אין מיליאָנען איינע, און מיליאָנען די אַנדערע? איז דאָס דען ניט קיין משפט וואָס נאָר אַ סנהדרין מעג זיך פאַרנעמען דערמיט? היינט די באַוויזן: צי אויף אַזעלכע „באַווייזן" ווי דער רבי ברענגט, קען מען שטעלן אַ משפט? האָבן מיר ניט געלערנט אין די הייליגע ספרים וואָס ביים אידישן דין הייסט „באַווייזן"? און וואָס עס הייסט — עדות? וואָלט מען מיט אַזעלכע באַווייזן פאַר׳משפּט אַן עיר הנדחת? אָדער אַפילו נאָר אַ שור שנגח את הפרה?

צי אַזוי פאַר׳משפּט מען אַ דור? און אַ ק אַ ץ פאַר׳משפט מען אַזוי?

לאָמיר שוין ניט רעדן פון אידישן דין, נאָר פון פעלקער־דינים און געריכטן; דערמאָנט זיך ווי אָפּגעהיט דאָס פעלקער־געריכט אין נירענ־בערג האָט גע׳משפט די נאַצישע וועלט־פאַרברעכער און וועלט־מערדער, און פאַרגלייכט ווי הפקר׳דיג דער סאַטמאַרער רבי משפּט ציוניסטן....

זיין „ערדישן" באַוויז — אַז די ציוניסטן האָבן געפירט אַ פּאָליטיק פון אידישער אויסמאָרדונג, ווייל בלויז דורך אידיש בלוט האָבן זיי

געקענט האָפן צו קריגן די מדינה — איז אפילו גאָרניט נויטיג סותר צו זיין. יעדער אידישער מענש וועט עס אַליין קענען אויסלאַכן. אַלע קענען דעם ציוניזם. דאָס „ציוניסטישע בוך" ליגט אָפן. באַלד דריי־פערטל יאָרהונדערט איז די ציוניסטישע באַוועגונג אַלט. איר פּראָ־פּאַגאַנדע, אין וואָרט און שריפט, איז אַן אָפענע קאָרט פאַר דער גאַנצער וועלט. ווער האָט דאָרט אַמאָל געהערט פון אַ פּראָגראַם צו מאָרדן אידן? דאָס איז דאָך אַ בלבול אין שטייגער פון די „זקני ציון פּראָטאָקאָלן"! דער ערשטער גרויסער אַקט צו דער מדינה, די באַלפור־דעקלאַראַציע, איז געקומען אין די טריט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען עס זיינען ניט געווען קיין נאַצישע קאָנצענטראַציע לאַגערן און גאַז־קאַמערן.

יע, סותר זיין דידאָזיגע טענה מיט לאָגיק און ישוב הדעת איז אַוודאי זעהר גרינג. אָבער פּסיכאָלאָגיש לאָזט זיך די זאַך שוין גאָרניט גרינג אָפּ׳פטר׳ן. וואָס פאַראַ פינסטערע פאַנטאַזיע: די ציוניסטן האָבן געדאַרפט בלוט! שוידערלעכע ווערטער, די שוידערלעכסטע וואָס האָבן געקענט אַרויסגיין פון אַ אידיש מויל. די ציוניסטן האָבן געדאַרפט בלוט — דאָס האָט עפּעס דעמזעלבן בייז־וויסטן קלאַנג ווי — די אידן דאַרפן בלוט . . . די אידן פאַר מצה, די ציוניסטן פאַר דער מדינה — אַ נייער בלוט־בלבול, רחמנא ליצלן, אויף אידישע קעפּ!...

וואָס שייך דעם רבי׳נס „הימלישער" טענה — אַז צוליב די גאָטלאָזע ציוניסטן זיינען אומגעקומען די גאָטספאָרכטיגע אידן, איז דאָס פאַר אַן ערדישן בית דין גאָר קיין טענה ניט. וואָרים דאָס דאַרף רעכט באַוויזן ווערן, און די זאַך איז אין הימל, ווי קענען מיר זיך מטפל זיין דערמיט? האָט מען אונז ניט געלערנט: „אין לך עסק בנסתרות"? פאַר־באָרגענע זאַכן זיינען ניט אונזער געשעפט. אמת, מעגליך אַז מען האָט דעם רבי׳ן מגלה געווען מן השמים, אָבער מיר זיינען פּשוט׳ע ערדישע בשר ודמס, און מיר האָבן געלערנט: „לא בשמים היא", דער הימל האָט ניט אַריינצוזאָגן ווען מענשן אויף דער ערד אַמפּערן זיך אין דין.

נון, נאָך דידאָזיגע שורות פון דעפענסיווע, קענען מיר איבערגיין אַביסל צו דער אָפענסיווע, ווי עס פירט זיך אין מלחמה און אין משפטים. און אַלס ערשטן שריט איז נויטיג אָנצואווייזן, אַז דער רבי איז ניט געגאַנגען אויפ׳ן ריכטיגן אַדרעס, ווען ער איז אַוועק זוכן חטאים ביי די ציוניסטן. אונזערע הייליגע חכמים האָבן אָנגעגעבן אַנדערע אַדרעסן וואוהין צו גיין זוכן חטאים ווען אויף אידן קומען אָן שלעכטע צייטן. אָט וואָס די חז״ל זאָגן:

„אויב דו זעסט אַ דור וואָס אַ סך צרות קומען אויף אים, גיי און זיי בודק די דיינים פון ישראל, ווייל דאָס גאַנצע שלעכטס וואָס קומט אויף דער וועלט, קומט נאָר צוליב די דיינים פון ישראל״....

צו זיך אַליין, אַלזאָ, און ניט צו די ציוניסטן, וואָלט דער רבי געדאַרפט גיין נאָכזוכן די סיבות פאַרוואָס זעקס מיליאָן אידן זיינען אומגעבראַכט געוואָרן און פאַרוואָס ס׳איז געקומען אַזאַ מורא׳דיגער חורבן אויף אידן; צו זיך אַליין און צו דער אייגענער עדה: דיינים, רבנים, רבי׳ס. אַזוי טוען הייסן די הייליגע חכמים.

נאָר דער רבי איז ניט געגאַנגען, און גייט ניט, צו זיך אַליין. פאַרוואָס? ווייל ער ווי יונה הנביא אַנטלויפן פון ג־ט? זיך באַהאַלטן פון ג־ט אין — פיש אויף שבת?

יע, די זינד איז דעם רבי׳נס, די שולד איז דעם רבי׳נס און פון יענע רבי׳ס און רבנים און דיינים, וואָס געהערן צו זיין שיטה און גייען אָדער זיינען געגאַנגען דעמדאָזיגן וועג.

און פאַר אַ ראיה אויף דעם רבי׳נס זינד, און אויף די זינד פון „דייני ישראל״ בכלל, ברענג איך אַ כשרן עדות, אַ געלערנטן טוען, אַ גרויסן קלעגער.

איך האַלט איצט אין מיינע הענט אַ אידישע צייטונג „אונזער וועג״, פון אָקטאָבער 10, 1947, פון מינכען, דייטשלאַנד. מערקט גוט דאָס אָרט און די דאַטע: ס׳איז, הייסט עס, אַ נומער צייטונג וואָס איז דערשינען אין דייטשישע לאַגערן נאָך דער מלחמה. אַ צייטונג פון דער שארית הפליטה, פון אונזערע געבליבענע קאַצעטניקעס, די ריכטיגע קרבנות פון נאַציזם.

אין דעמדאָזיגן נומער איז דאָ אַן אַרטיקל פון הרב ישראל פרענקל. דער אַרטיקל באַהאַנדלט דיזעלבע פראַגע וואָס מיר באַהאַנדלען דאָ: ווער איז שולדיג?

נאָר לאָמיר קודם פאָרשטעלן אונזער עדות, ווי עס פירט זיך אין אַ געריכט.

הרב ישראל פרענקל שטאַמט פון פאמאריך, ביי לעמבערג. פון פאָר־טער׳ס צד איז ער אַ דירעקטער אייניקל פון די באַרימטע ברידער רייצעס און זייער שוועסטער וואָס איז באַוואוסט אַלס „די גאָלדענע רויזע״, וואָס זיינען געגאַנגען אויף אַ קידוש השם נעמענדיג אויף זיך די שולד אַז זיי האָבן אָנגערעדט אַ געוויסן גוי ער זאָל זיך מגייר זיין. זיי האָט מען געהאַנגען און די שטאָט איז ניצול געוואָרן דורך זייער קרבן. הרב פרענקל׳ס פאָטער ז״ל פלעגט זיך חתמ׳ענען: שמואל נחום פרענקל־רייצעס. הרב ישראל פרענקל איז אויך אַן אייניקל פון הגאון הצדיק ר׳

שמואל נחום זצ״ל, מחבר פון די ספרים „היכלי שן״, „נבל עשור״, „דורשי חפץ״ ושו״ת „מגדל חשן״. צו אַכצן יאָר האָט שוין הרב פרענקל געהאַט סמיכה פון גרויסע גאוני גאַליציע, און איז געווען רב אין היידענהיים. ער איז דורכגעגאַנגען דעם גאַנצן היטלער־גיהנום, אין וועלכן ס׳איז פאַרברענט געוואָרן זיין גאַנצע משפחה און פיר קינדער: רחל, שלמה, שלום און שרה הי״ד און מ׳ווייס אַפילו ניט זייער קבר. געבליבן איז אים נאָר איין זון, דער בכור שמואל, אויף וועלכן מ׳זאָגט אַז ער איז אַ „לעבעדיגע ענציקלאָפּעדיע״, בקודש ובחול.

דאָס איז דער יחוס פון מיין עדות.

אַלזאָ, אַלץ איז דאָ היילִיג: די צייטונג, די שריפט, די טעמע און דער שרייבער.

און אַזוי הויבט אָן הרב ישראל פרענקל זיין מערקווירדיגן מאמר:

„דאָס האַרץ פון יעדן איד פון דער שארית הפליטה איז פול מיט איוב׳ס צרות און צומאָל אויך מיט איוב׳ס תרעומות כלפי מעלה. זאָל דער גלויביגער לעזער פון די שורות געפינען פון זיין חבר לצרה אַ טיילווייזע לייזונג צו זיינע תרעומות׳ן אויף דער הנהלה עליונה״.

אַ איד, וואָס איז דורכגעגאַנגען איוב׳ס ליידן, איז הרב ישראל פרענקל. אַן „אוד מוצל מאש״. ער רעדט צו זיינע ברידער אידן דאָרט אין לאַגער מיט אים, אידן וואָס האָבן דורכגעמאַכט דעם זעלבן גורל. ער ווייסט, אַז זייערע הערצער זיינען פול מיט טענות צו ג־ט, זיי פרעגן: אויב ג־ט פירט די וועלט — פאַרוואָס און ווי אַזוי האָט ער דערלאָזט דאָס וואָס איז געשען? צו זיי קומט ער מיט אַ טרייסט. ניין, ניט מיט קיין סענטימענטאַלער טרייסט, נאָר מיט אַ „לייזונג״, אפילו ווען נאָר אַ „טיילווייזער לייזונג״ צו דער פּראָבלעם פון אַלע פּראָבלעמען, דער פראַגע פון אַלע פראַגן. ער קומט רעכטפאַרטיגן ג־ט און זיינע וועגן. נאָר ער רעדט ניט ווי אַ מלאך פון הימל מיט הימלישע סברות, נאָר ווי אַ בשר ודם, בלשון בני אדם, פון דער תורה ווי זי איז געגעבן געוואָרן, ניט צו מלאכים, נאָר צו מענשן, צו אידן.

הרב ישראל פרענקל איז נאָך געווען אין נאַצישן גיהנום, ווען ער האָט געשריבן זיין אַפּאַלאָגעטיק פאַר ג־ט אין אונזער גרויסן, אומדער־מעסלעכן חורבן. מיט די פיינען נאָך פריש אין זיין לייב, האָט ער געהאַט דעם כח צו זאָגן: ניט ג־ט, און ניט „איר״, נאָר „מיר זיינען שולדיג״.

און אַזוי טאַקע איז דער אויבערשריפט אויף זיין אַרטיקל: „מיר זיינען שולדיג״.

נאָר ווער איז דער „מיר״? מיר ווערן באַלד זען. נאָר פריער מוזן מיר זיך באַקענען מיט הרב פרענקל׳ס געדאַנק.

יעדער אמת גרויסער געדאַנק איז פשוט, און פשוט ביז גאָר איז אויך דער געדאַנק פון אונזער חשוב׳ן רב אויפ׳ן גרויסן ענין פון דעם חורבן. ער שטעלט אַוועק דעם בנין פון זיין מחשבה אויף צוויי גרונט־פרינציפּן, וואָס פאַר׳ן רעליגיעזן מענשן זיינען זיי אַקסיאָמען, אַבסאָלוטן, ניט אָפּצופרעגן.

דער ערשטער פרינציפּ איז, אַז דער מענש איז אַ באַשעפעניש מיט אַ פרייען ווילן צו טאָן גוטס אָדער שלעכטס. „דער פרייער ווילן אויס־צוקלייבן זיך אַ וועג אין לעבן — שרייבט ריכטיג הרב פרענקל — איז איינס פון די גרונטזאַצן פון תורת משה״. אַלץ ווערט באַשטימט פון דער השגחה, אויסער דעם מענשנ׳ס אייגענע מעשים, די גוטע אָדער די שלעכטע.

דער פרייער מענש, דער פריידענקער, מעג האַלטן אַנדערש. אָבער אַ גלויביגער מענש קען ניט האַלטן אַנדערש און נאָך בלייבן אַ מאמין. „פרייער ווילן״ איז אַ רעליגיעזע אַקסיאָמע.

דאָס איז הרב פרענקל׳ס ערשטער יסוד. פאַר זיין צווייטן יסוד נעמט ער דעם מאמר פון דער גמרא: „הכל בידי שמים חוץ מצינים פחים״, אַלץ איז אין די הענט פון הימל חוץ דערנער (אָדער ווי די גמרא טייטשט: קעלט) און נעצן (אָדער ווי די גמרא טייטשט: היץ). די גמרא רעדט דאָ פון קראַנקהייטן און זאָגט, אַז אַלע קראַנקהייטן זיינען אַ גזירה פון הימל, חוץ יענע קראַנקהייטן פון וועלכע אַ מענש קען זיך אויסהיטן, ווי למשל, קראַנקהייטן פון „קעלט״ אָדער „היץ״. וואָרים איך זאָג: צו וואָס איז דער מענש געגאַנגען נאַקעט אויף דער קעלט, אָדער צו וואָס איז ער געגאַנגען ווען די זון האָט געברענט? אַלץ איז דאָ געבויט אויף דעם פסוק אין משלי (כב, ד): „צינים פחים בדרך עקש שומר נפשו ירחק מהם״ — דערנער און נעצן זיינען אין וועג פון דעם צעדרייטן, אַן אָפּגעהיטענער מענש דערווייטערט זיך פון זיי.

פונדאַנען לערנען מיר אַרויס דעם ברייטערן פרינציפּ, אַז דער מענש איז מחויב אַליין זיך היטן פון סכנות. פון אַן אָרט פון סכנה דאַרף ער אַנטלויפן און ניט זיצן און וואַרטן אויף נסים, אַז פון הימל וועט מען אים העלפן. „אין סומכין על הנס״, מ׳פאַרלאָזט זיך ניט אויף קיין נסים, איז אַ געבאָט פון די חז״ל.

פאַראַן מערערע אַזעלכע שטעלן און התראות ביי די חז״ל, וואָס הרב פרענקל האָט געקענט ברענגען, ווי למשל: „לעולם אל יעמוד אדם במקום סכנה לומר שעושין לו נס שמא אין עושין לו נס״ (שבת ל״ב ע״א).

אַ מענש זאָל קיינמאָל ניט שטיין אויף אַ געפערלעכן אָרט און זאָגן אַז מ׳וועט אים טאָן אַ נס, טאָמער וועט מען אים ניט טאָן קיין נס....

פון אָט די צוויי תורה־פּרינציפּן לערנט אַרויס דער היילִיג־געליטענער רב זיין דעת תורה אָדער פּסק דין: אַ פּשוט׳ע אָבער טיפע לערע פון דעם חורבן:

א) דאָס בייז וואָס די רשעים האָבן געטאָן מיט די אידן איז ניט געווען קיין גזירה פון ג־ט. ס׳איז געווען די פרייע טאַט פון די רשעים גופא, אַ רעזולטאַט פון זייער פרייען ווילן אַלס מענשן.

ב) זעענדיג אַז זיי זיינען אַרומגערינגלט פון די רשעים און שפּירנדיג דאָס אָנקומען פון דער סכנה, האָבן די אידן ניט געטאָרט וואַרטן אויף קיין נסים. זיי זיינען מחויב געווען, זיי זיינען געווען געבאָטן פון דער תורה אַוועקצוגיין פון דעם אָרט פון סכנה. און אויב מיר האָבן עס ניט געטאָן פאַלט אויף אונז אַליין די שולד. „מיר זיינען שולדיג״.

דאָס איז אַ לערע פון דעם חורבן, וואָס איז אינגאַנצן באַזירט אויף דער תורה, אָבער אין דער אייגענער צייט איז זי אינגאַנצן מענשלעך און ערדיש, געזעצט אין גרעניצן פון מענשלעכע השגה׳ס. ניט ווי די סאַטמאַרער שיטה, וואָס טראָגט אַוועק די זאַך אין די הימלען און ניט ווי די סאַטמאַרער שיטה, וואָס וואַרפט דאָס בלוט פון די זעקס מיליאָן אויף די ציוניסטן.

עס וועט זיין גוט איבערצוגעבן הרב פרענקל׳ס געדאַנק אין אַ קיצור פון זיינע אייגענע ווערטער:

„אַרויסגייענדיג פון דעם עיקר הדת — שרייבט ער — אַז דער מענש איז פריי אין זיין בחירה, אַז ער האָט פרייע הענט צו טאָן הומאַניטאַרע זאַכן ווי אויך רויבן און מאָרדן, קומען מיר צו אַן אַנדער מסקנה: דער וועלכער געפינט זיך אין אַ סביבה פון בעלי בחירה אין געפערלעכע אומשטענדן, מוז אַליין טאָן אַ פּעולה זיך צו באַפרייען פון דער סכנה... און ניט זיך פאַרלאָזן אויף נסים זיצנדיג אין דער סכנה....

„און וואָס קען נאָך זיין אַ גרעסערע סכנה — שרייבט הרב פרענקל ווייטער — ווי ווען אַ קליינע מינדערהייט לעבט צווישן אַ באַפעלקערונג וואָס איז איר פאַרביסענער שונא.... ביי אַזאַ מסוכנ׳ער לאַגע איז דאָך אַן עלעמענטאַרער און רעליגיעזער געבאָט צו טאָן עפּעס אַ פּעולה זיך צו באַפרייען פון דעם אָרט, וואו עס הערשט אַזאַ געפערלעכע חולאת. ווען יעקב זעט, אַז „פּני לבן איננו עמו כתמול שלשום״, אַז לבן האָט גענומען קוקן אויף אים קרום, הערט ער דעם געטלעכן באַפעל: „שוב אל ארץ אבותיך״, אַנטלויף אין לאַנד פון דיינע עלטערן. דערפון איז געדרונגען אַז ווער עס פאַרמאַכט די אויגן אויף דער סכנה איז

בבחינת מתחייב בנפשו.... דער יחיד אָדער כלל געפינען זיך דעמאָלט אין דער לאַגע, אַז די געטלעכקייט האָט אָפּגעטאָן איר פּנים פון אים״....

און עס האָט ניט געפעלט קיין וואָרנונג באַצייטנס, שרייבט הרב פרענקל. „אויף דער אָנקומענדיקער קאַטאַסטראָפּע — שרייבט ער — האָט אונז די אויבערשטע השגחה פריער מיט אַ האַלבן יאָרהונדערט אָנגעוויזן... דאָס איז די שיבת ציון באַוועגונג״....

וועט טענה׳ן דער סאַטמאַרער לאַגער: די „פרייע״ שיבת ציון באַוועגונג, אָט דער „טריפ׳ער״ ציוניזם — דאָס זאָל האָבן געווען דאָס שליחות פון ג־ט? ענטפערט דערויף הרב פרענקל: אדרבא, מהאי טעמא, דווקא.

„ווען אַ טייל פון די נאַציאָנאַלע וועקער — שרייבט ער מיט אַ וואונדערבאַרן דערהער — זיינען צו אונז געקומען אפילו פון אַ ווייטן וועג, דאָס הייסט, ווייט פון רעליגיעזיטעט, צומאָל אפילו פון אַסימי־לירטע קרייזן, האָבן מיר אדרבא פון דער דערשיינונג געקענט זען, אַז „מאת השם היתה זאת״ (ס׳איז פון ג־ט).... דאָס וואָס איז אַ פּלא איז געטלעך.... דאָס איז געווען אַ געטלעכער רוף צו ראַטעווען זיך פון די קומענדיגע קרעמאַטאָריעס.... און דער ישוב אין ארץ ישראל איז טאַקע געבליבן אומבאַרירט ביים בלוט־מבול, ווי נח׳ס תיבה ביים וואַסער־מבול״....

אַ געטלעכער וואונק — טענה׳ט הרב פרענקל — איז אויך געווען דאָס „וואָס נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, בעת מיר אידן האָבן ניט געבלוטיגט מער ווי אַנדערע . . . האָט דער אַלטער באַלפור ז״ל געגעבן אַ כורש־דעקלאַראַציע אויף ארץ ישראל מיט׳ן עבר הירדן. אַ ריי יאָרן זיינען די טויערן פון ארץ ישראל געשטאַנען אָפן, אָבער ליידער מיר האָבן ניט געוואָלט מסיח דעת זיין פונ׳ם עגל הזהב און סיר הבשר״.

באַמערקט נאָך אגב: הרב פרענקל שרייבט „באַלפור ז״ל״, אָבער ביי סאַטמאַר־נטורי קרתא איז „באַלפור״ ניט אַנדערש ווי די מיאוס׳ע עבודה זרה בעל פעור....

הרב פרענקל האָט געזען דעם פינגער פון דער השגחה נאָך אין אַן אַנדער גרויסער געשעהעניש:

„ווען די גרויסמאַכט (סאָוועט רוסלאַנד) וואָס האָט זינט איר עקזיס־טענץ אומאויפהערלעך גע׳רודפ׳ט די אַלע אויף וועלכע ס׳איז בלויז געפאַלן אַ חשד פון חיבת ציון, האָט מיט איינמאָל מסכים געווען אויפ־צושטעלן אַ אידישע מלוכה, טראָץ דער געגנערשאַפט פון די אַראַבישע מלוכות מיט וועלכע זי האָט פּאָליטיש און עקאָנאָמיש גרויס אינטערעס

צו לעבן בשלום — איז דאָס ניט אַנדערש ווי נאָר מאת השם היתה זאת״ („אונזער וועג״, נאָוועמבער 21, 1947).

„די מאמינים דאַרפן פאַרשטיין״ — שרייבט ער אויפ׳ן זעלבן פלאַץ — „אַז אין נעגירן די השגחה השמימית איבער די לעצטע היסטאָרישע געשעהענישן איז אומבאַוואוסט פאַרבאָרגן אַ רוח מינות ואפיקורסות״...

עד כאן הרב ישראל פרענקל.

עס וואָלט, פאַרשטייט זיך, געווען נאַאיוו אָנצונעמען, אַז דער געדאַנק פון הרב ישראל פרענקל, כשר ווי ער איז, לומד׳יש ווי ער איז, שכל הישר׳דיג ווי ער איז, שעפּט אויס דעם ענין, אָדער אַז דער ענין קען בכלל אַמאָל אויסגעשעפּט ווערן. אונזער חורבן פון דער דייטשישער האַנט איז צו טיף פאַר פילאָזאָפיע און צו הויך פאַר פּאָעזיע, צו מעכטיג פאַר שפּראַך און צו גרעניצלאָז פאַר מחשבה. ניט די וויסנשאַפט קען אים דערפאָרשן, ניט די קונסט דערכאַפּן. ער איז גלייכמעסיג מיט דער מיסטעריע פון לעבן אַליין.

אָבער הרב פרענקל האָט אונז געגעבן די ריכטיגע און פולקאָמענע פאָרמולע געגן די פרומע שונאים פון שיבת ציון און מדינת ישראל. כבודם במקומו מונח, קיינער פרעגט ניט אָפּ זייער לומדות אָדער פרומקייט, נאָר די פרומקייט פון די רבי׳ס אַליין איז נאָך ניט גענוג צו העלפן דעם פאָלק אין זיין עת צרה, לערנען אונז די חז״ל: „אמר ר׳ אליעזר אמר לו הקב״ה למשה עת לקצר ועת להאריך בני שרוים בצער והים סוגר והאויב רודף ואתה עומד ומרבה בתפלה?״ — אויף אַלץ איז אַ צייט, האָט דער אויבערשטער געזאָגט צו משה׳ן — מיינע קינדער זיינען פאַרזונקען אין צער, דער ים פאַרשטעלט דעם וועג און דער שונא יאָגט נאָך, און דו שטייסט און מערסט אין תפילה?

די שיטה פון הרב פרענקל האָט אַ דאָפּלטע באַדייטונג: אַ מעטאַ־פיזישע און אַ רעאַליסטישע. די פרייע קומען אָפּט צו די גלויביגע און רייצן זיי מיט דער פראַגע: נו, וואו איז אייער ג־ט? פאַרוואָס האָט ער געבראַכט אַזאַ חורבן? איז דער ענטפער: ניט ג־ט האָט געבראַכט דעם חורבן, נאָר דער מענש. ס׳איז דעם מענשנ׳ס אייגן „מייסטערווערק״ געווען....

פון דער רעאַליסטישער זייט לערנט די שיטה, אַז די קאַטאַסטראָפּע האָט געקענט פאַרמיטן ווערן, אָדער כאָטש געמינערט ווערן, דורך אונזערע אייגענע כחות, מיט אונזערע אייגענע הענט, ווען מיר זאָלן נאָר געווען אַכטן די געבאָטן פון דער תורה און ניט בלייבן זיצן אין דער סכנה פון „היץ״ און „קעלט״. די ווירקלעכקייט איז ניט געווען מיט די וואָס האָבן געזאָגט: זיצט, מ׳טאָר זיך ניט רירן („שב ואל

תעשה״), מ׳טאָר ניט מורד זיין אין די פעלקער, מ׳טאָר ניט דוחק זיין דעם קץ, מ׳טאָר ניט גיין קיין ארץ ישראל, רק מ׳טאָר ניט, מ׳טאָר ניט, מ׳טאָר ניט! די תורה איז אַ תורה פון טאַט, ניט פון טויט. „אַז דו וועסט טאָן וועל איך דיך בענטשן״, זאָגט זיך אין דער תורה („וברכתיך בכל אשר תעשה״).

אויב מ׳טאָר עפעס ניט, איז — פאַרגעסן, אַז די וואָס האָבן געזאָגט מ׳טאָר ניט פאָרן קיין ארץ ישראל, האָבן אויך געזאָגט אַז מ׳טאָר ניט פאָרן קיין אַמעריקע....

אַזוי ווי ארץ ישראל איז פאַר זיי „טמא״ היינט, אַזוי איז אַמעריקע פאַר זיי געווען „טמא״ אמאָל.

נאָר סאַטמאַר און די נטורי קרתא באַנוגענען זיך ניט מיט׳ן „היינט״. זיי נעמען אַרויס פון קבר דעם „אַמאָל״ אויך. אין „חומתנו״ דרוקן זיי די רייד געגן ציוניזם פון רבנים און רבי׳ס פון אַ פריערדיגן דור אָדער צוויי, וועלכע זיינען שוין לאַנג אויפ׳ן עולם האמת, און אָפט זיינען עס זעהר ביטערע און פינסטערע רייד.

דאָ ווערט געוויס געטאָן אַן אומרעכט צום אָנדענק פון דידאָזיגע גדולים. ווייל זיי האָבן געלעבט פאַר׳ן היטלער־חורבן און פאַר מדינת ישראל. ווער ווייס צי היינט וואָלטן זיי ניט געהאַט אַן אַנדער דעה?

נאָר „אַמאָל״ צי „היינט״: פונוואַנען קומט עס טאַקע וואָס יענע גדולי תורה פון אַמאָל, און מאַנכע פון היינט, האָבן ניט דערפילט די סכנות וואָס זיינען פאָרגעשטאַנען דעם פאָלק און אים ניט אַרויסגעפירט צו רעטונג? פאַרוואָס האָבן די שטירן פון דער טשערעדע ניט דער־שמעקט די וועלף אין ווינט?

מ׳קען עס דערקלערן מיט אַ געדאַנק פון דעם „ישמח משה״, דעם עלטער־עלטער זיידען פון היינטיגן סאַטמאַרער רבי׳ן.

דער „ישמח משה״, דער „אוהעלער רבי״ ר׳ משה טייטלבוים זצ״ל איז געווען אייביג פאַר׳חוש׳ט אין דערוואַרטונג פון משיח׳ן. זיין בענק־שאַפט נאָכ׳ן גואל איז געווען אין אים ווי אַ ברענענדיגער פייער. און ביז זיין לעצטן טאָג איז ער געווען זיכער אַז משיח וועט נאָך קומען ביי זיין לעבן. ער האָט זיך שטאַרק מצער געווען אויף דער ביטערער אידישער לאַגע און טאָג און נאַכט פלעגט ער פאַרגיסן טייכן טרערן אין תפילות אַז משיח זאָל שוין קומען. ווען ער פלעגט זיך לייגן שלאָפן פלעגט ער אָנגרייטן זיינע שבת׳דיגע בגדים און זיין שטעקן ביים בעט, ער זאָל ניט פאַרזאַמען קיין רגע טאָמער קומט משיח ביינאַכט. און אַז ער פלעגט דערהערן עפעס אַ גערויש אין גאַס, פלעגט ער האַסטיג

עפענען אַ פענסטער אָדער אַרויסלויפן פון הויז: אפשר איז עס משיח געקומען.

אַזוי גרויס איז געווען זיין בענקשאַפט נאָך משיח'ן, אַז ער פלעגט זאָגן, אַז ווען ער וואָלט געוועז וויסן יונגערהייט אַז ער וועט ווערן אַן אַלטער מאַן און משיח וועט נאָך אַלץ ניט זיין געקומען, וואָלט ער עס ניט אויסגעהאַלטן און וואָלט יונגערהייט געגאַנגען פון דער וועלט.

נאָך אויף איין זאַך פלעגט ער זיך חידוש'ן, אויף די צדיקים אין גן עדן, וואָס זיי שווייגן דאָרט און רייסן ניט איין וועלטן אַראָפּצוברענגען משיח'ן.

ניט אַנדערש — פלעגט ער זאָגן — נאָר זייער תענוג אין גן עדן איז אַזוי גרויס, אַז זיי האָבן פאַרגעסן אין דעם גאַנצן ענין און מיינען אַוודאי אַז משיח איז שוין לאַנג געקומען....

און וועגן זיך פלעגט ער פאַרזיכערן, אַז אָה, ער וועט ניט פאַר־געסן! ער וועט קברים רייסן אין גן־עדן ביז דער גואל וועט מיט כח ניט געבראַכט ווערן.

נאָר ער האָט משמעות אויך פאַרגעסן.... דער טעם גן־עדן איז הפּנים צו שטאַרק געווען פאַר אים אויך....

פונדאַנען קענען מיר באָרגן אַ געדאַנק אויף די אַלע צדיקים און גדולי תורה, פון פריער און פון היינט, וואָס האָבן זיך אַזוי פאַרשטייפט געגן שיבת ציון: זיי לעבן אין דער וועלט פון תורה, וואָס איז דער גן עדן אויף דער וועלט, און זייער תענוג איז אַזוי גרויס, אַז זיי זעען ניט און פילן ניט די רעאַלע וועלט, אירע נויטן און סכנות.

און אַזוי האָבן זיי ניט געזען די שרעקליכע סכנה אין וועלכער דאָס פאָלק איז געזעסן. אַ סכנה האָבן זיי גאָר געזען אין דעם ציוניזם, אין דער רעטונג. און זיי האָבן געלאָזט דאָס פאָלק דערגיין צום חורבן. ווען איז נאָך אַזוי פאַר'אמת'ט געוואָרן דער זאָג פון די הייליגע חכמים, אַז ווען דו זעסט אַז עס קומען צרות אויף ישראל, זיי בודק די דיינים....

דערפאַר איז געשען דער נס, ווי הרב פרענקל לערנט, וואָס דווקא די דערווייטערטע און האַלב־אַסימילירטע אידן האָבן זיך אויפגעוועקט די ערשטע. און מיר שטייען פאַר אַ גוואַלדיגן פּאַראַדאָקס אין אונזער געשיכטע: ווער האָט דערהערט די געטלעכע וואָרנונג און ווער האָט אויסגעפאָלגט די געטלעכע לערע? די „טריפ'ע", די „פסול'ע", ווי סאַטמאַר רופט זיי, אָבער סאַטמאַר אַליין האָט ניט דערזען די סכנה, נאָר האָט זיך געשטעלט, און שטייט, טאָג און נאַכט איבער הייסע קעסלען פעך און שוועבל און קאָכט און קאָכט, און מישט און מישט, צו פאַרברענען מדינת ישראל.

נאָך היטלערן, וואָס האָט דער סאַטמאַרער רבי געוואָלט: אידן זאָלן בלייבן שטיין ביים חורבן? זיך אַוועקזעצן ביי די טייכן בלוט און זיך ניט רירן פון אָרט? אַריינגיין אין דער נייער תקופה מיט די קריגעלאַך קדושים־אַש אין די הענט, ניט האָבנדיג אַפילו וואו זיי אַוועקצושטעלן אין אַ זיכערן ווינקל? וואָס וואָלט פון אידן געוואָרן אָהן דער נחמה פון מדינת ישראל?

דער סאַטמאַרער רבי שרייבט, אַז ס'איז אַ מצווה היינטיגע צייט צו לייענען אין דעם נביא יחזקאל דעם קאַפּיטל וועגן די פאַלשע פּאַסטוכער. און מיט די פאַלשע פּאַסטוכער מיינט ער, פאַרשטייט זיך, די ציוניסטן און די בויער פון ישראל.

נון, ס'איז אָבער דאָ נאָך עפּעס וואָס ס'איז אַ מצווה צו לייענען ביי דעמדאָזיגן נביא.

פאַראַן אַן אָרט ביים נביא יחזקאל, אין איינער פון זיינע פייערדיגסטע נבואות, אַ קליין שטעל, אינגאַנצן דריי פּסוקים די גרויס, וואָס איך האָב קיינמאָל ניט געקענט אַרייננעמען אין מיין נשמה. פון קליינערהייט אָן, ווען איך האָב זיי צום ערשטן מאָל געלערנט, האָט מיין קינדיש האַרץ רעוואָלטירט געגן זיי, און שפּעטער, אין מיינע רייפע טעג און יאָרן, ווען נאָר איך האָב געלערנט דאָס הייליגע ווערק אָדער סתם געבלעטערט דאָס געטלעכע בוך, פלעג איך אויסמיידן יענע פּסוקים, אַרומגיין יענע שורות, אַזוי ווי איינער מיידט אויס און גייט אַרום און אַרום אַן אָרט, וואו ס'איז אים אַמאָל עפּעס אַ גרויס שלעכטס געשען.

די נבואה איז דאָס קאַפּיטל פּערצן, און די עטליכע שורות זיינען די פּסוקים 3—21.

ס'איז אַ נבואה אויפ'ן חורבן ירושלים. ס'איז געבליבן נאָר אַ לעצט קליין רעשטל אין דער פאַרברענטער הייליגער שטאָט און דער נביא, אין נאָמען פון ג־ט, זאָגט, און דאָס איז דער זין פון זיינע פירכטעלעכע רייד:

קוקט זיי אָן, דאָסדאָזיגע רעשטל, באַטראַכט זיי און באַטראַכט זייערע מעשים, און איר וועט זיך טרייסטן אויפ'ן חורבן וואָס איך האָב געבראַכט, ווייל איר וועט זען, אַז ניט אומזיסט האָב איך געטאָן וואָס איך האָב געטאָן....

אַ פירכטערלעכע נבואה!

אַצינד אידן, גוטע אידן אומעטום! קוקט אויף סאַטמאַר, קוקט אָן די נטורי קרתא, באַטראַכט זייערע מעשים, און איר וועט זען ווער ס'איז שולדיג....

# אַ פֿאָלק אין שטיקער

די אידישע אומה איז אַ שאָף צווישן זיבעציג וועלף.

אַזוי האָבן אונזערע אַמאָליגע חכמים באַצייכנט דעם גורל פֿון אידן צווישן די פֿעלקער.

געווען איז דער משל מיט די וועלף אָנגעפּאַסט אויף די פֿעלקער פֿון דער וועלט, וואָס האָבן אייביג געשאַרפֿט די ציין אויפֿ׳ן קליינעם, אָרימען און פֿרידלעכן אידישן פֿאָלק, און אָפֿט טאַקע אויסגעביסן שטיקער פֿון אים.

כדי זיך צו שיצן פֿון די וועלף אינדרויסן, האָבן אונזערע חכמים אויסגעהאַמערט אַ שטאָלענע האַרטקייט אינעווייניג.

אינעווייניג איז דאָס פֿאָלק געווען גאַנץ מיט זיך.

ס׳איז אַיינגעפֿונדעוועט געוואָרן די איינהייט פֿון אידישן פֿאָלק. ס׳האָט געהערשט דער כלל: „חברים כל ישראל״, אַלע אידן זיינען אייגענע, ברידער און שוועסטער. די אומה איז באַטראַכט געוואָרן ווי איין גוף, און יעדער איד ווי אַן אבר פֿון דעם גוף. נאָך אַ כלל האָט געהערשט: „ישראל ערבים זה בזה״, איין איד טראָגט אחריות פֿאַר׳ן אַנדערן. איין איד איז באַטראַכט געוואָרן פֿאַר׳ן שותף און שליח פֿון יעדן אַנדערן אידן אין דער גאָרער וועלט.ביידע באַגריפֿן זיינען געווען רעליגיעזע און געהאַט זייער יסוד אין דער תורה. דידאָזיגע לאָזונגען זיינען געזעסן טיף אין האַרצן פֿון יעדן איד. מ׳האָט באמת געקענט רעדן פֿון אַ אידישן כלל, אָדער ווי די פֿאָרמולע האָט געהייסן: כלל ישראל. אויך „כל ישראל״.

דאָס אידישע פֿאָלק איז געווען אַ געשלאָסענע איינהייט. אַוודאי האָבן ניט געפֿעלט קיין מחלוקות און קאַמפֿן אין דער אייגענער מחנה. מען האָט זיך געוועדטלט, געקריגט, זיך געלעגן אין די האָר, זיך געריסן די בערד און לסוף שלום געוואָרן. די צייט פֿלעגט פֿאַרהיילן די וואונדען און די אומה איז געבליבן, ווי שטענדיג, אַן איינהייט און אַ גאַנצקייט. יעדער אידישער יחיד האָט זיך אידענטיפֿיצירט מיט דער גאַנצער אומה. ס׳איז ניט געווען קיין סתירה צווישן דעם איינצלנעם אידן און דעם אידישן כלל, און ס׳איז ניט געווען שייך צו זאָגן, אַז די אינדי־

ווידועלע פערזענלעכקייט איז געווען באַדריקט פון דעם כלל. סיידן אין זעלטענע פאַלן, ווי שפינאָזאַ אָדער אוריאל אַקאָסטאַ.

די גאַנצקייט פון דער אידישער אומה איז געווען דער פקדון פון דער אידישער אמונה.

אָבער אין דער מאָדערנער צייט האָט זיך דידאָזיגע גאַנצקייט אָנגעהויבן ברעקלען. ס׳האָבן גענומען בלאָזן נייע ווינטן אויף דער אידישער גאַס. ס׳האָבן זיך באַוויזן טענדענצן אויפצורייסן דאָס אידישע פאָלק פון אינעווייניג. און אַ סך בענדער זיינען לויז געוואָרן, טייל זיך אינגאַנצן איבערגעריסן. נאָר די אידישע אמונה האָט ניט אויפגעגעבן איר זאָרג פאַר׳ן גאַנצן. אהבת ישראל האָט געהיילט אַלע וואונדן. זי האָט אַרויסגעהויבן דעם לאָזונג: ישראל אף שחטא ישראל הוא, אַ איד אפילו אַז ער האָט געזינדיגט איז אַלץ אַ איד. דאָס חסידות איבערהויפּט האָט געפונען אַ תיקון פאַר יעדער אידישער נשמה.

ביז היינט. ביז נטורי קרתא. ביז סאַטמאַר. דאָ האָבן זיך באַוויזן די געפערליכסטע שפאַלטער פון אידישער איינהייט און פאָלקס־גאַנצקייט. די געפערליכסטע, דערפאַר וואָס זיי קומען שפאַלטן אין נאָמען פון דער תורה, אין נאָמען פון דער אמונה, וואָס האָט אייביג געהיט די טויערן פון אידישער גאַנצקייט.

לאָמיר כאַפּן אַ קורצן בליק אויף אייניגע פון די „שפאַלטער".

געקומען צוערשט דער רעפאָרם־ראַבינער. ער האָט געבראַכט אַ פּראָגראַם, וואָס איז געווען אַ פולשטענדיגע איבערקערעניש אין אידנטום. אין דעם חורבן פון צווייטן בית המקדש האָט ער אויפגעהערט צו זען אַ נאַציאָנאַלן אומגליק, און האָט גאָר דערזען אַ גליק. „אין דער צווייטער צעשטערונג פון דער אידישער מלוכה׳שאַפט — לייענען מיר אין זיין פּראָגראַם — זעען מיר ניט קיין שטראָף פאַר דער זינדיגקייט פון פאָלק ישראל, נאָר די געטלעכע כוונה, וואָס באַשטייט אין צעזייען דאָס פאָלק ישראל איבער דער גאַנצער וועלט, כדי צו דערפילן די פּריסטלעכע שליחות צו פירן די אומות צו דערקענען דעם אמת אין דינען גאָט". דאָ ווערט געמאַכט אַ טיפער ריס, אַ ריס צווישן פאָלק און ארץ ישראל.

אַ גלגול פון דעם רעפאָרם־ראַבינער איז דער מאַן פון דעם „אַמעריקען קאָונסיל פאָר דזשודאַאיזם". ער גייט אַ שריט ווייטער און זאָגט, אַז אין דערדאָזיגער צעשפּרייטקייט זיינען די אידן פון יעדן לאַנד אַ רעליגיעזע עדה פאַר זיך, אָהן שום נאַציאָנאַלער שייכות מיט אידן פון אַנדערע לענדער.

אַ ביטערן אָפּשניט האָט דער אידישער נאַציאָנאַליזם געקראָגן ביים אידישן אָרטאָדאָקסישן מאַרקסיסט. דער מאַרקסיסטישער סאָציאַליסט האָט אינגאַנצן אָפּגעלייקנט אַז עס זיינען דאָ „פעלקער". פאַר אים זיינען נאָר געווען „קלאַסן". און „כלל ישראל" איז געוואָרן נאָר אַן אויס־טראַכטעניש פון דער אידישער בורזשואַזיע, כדי צו האַלטן פאַר־שקלאַפט דעם אידישן אַרבייטער־קלאַס. זיין גלגול איז געווען דער „יעווסעק", דער אידישער קאָמוניסט אין סאָוועט־רוסלאַנד, וואָס האָט שיער ניט אינגאַנצן פאַרצוקט די אָרעמע שאָף פון רוסישן אידנטום.

אַ שפּאָגל נייער ריס אין אידישער גאַנצקייט האָט זיך באַוויזן אין מדינת ישראל. דאָס זיינען די געוועזענע „כנענים", וועלכע האָבן געביטן זייער נאָמען אויף „סעמיטישער אַקציע". דידאָזיגע גרופּע באַטראַכט ישראל ווי אַ באַזונדערע נאַציע, אַ העברייאישע נאַציע, וואָס האָט ניט קיין קרובה'שאַפט מיט'ן אידנטום פון דער וועלט און וויל זיך בעסער אַריינגיסן אין דער אַראַבישער וועלט.

צווישן אָט די אַלע איינברעכער פון אידישער גאַנצקייט, ווי מאָדנע דאָס זאָל ניט אויסזען, איז געקומען און פאַרנומען אַ פּאָזיציע דער אולטראַ רעליגיעזער איד, דער איד מיט באָרד און פּיאות, מיט שטריימל, זשופּיצע און גאַרטל, דער נטורי קרתא'ניק. ער וויל אויך שפּאַלטונג פון אידישן כלל. ער וויל די שפּאַלטונג פאַר זיך. ער וויל אַרויסגיין פון אידישן כלל, ער וויל זיך אָפּשיידן און אָפּטיילן. די נטורי קרתא פּסל'ען אַלע אַנדערע אידן, און נאָר זיי אַליין בלייבן דאָס אמת'ע אידישע פאָלק.

אַזעלכס איז נאָך ניט געהערט געוואָרן ביי אידן: דער מיעוט שליסט אויס דעם רבים! אַ קליינע גרופּע וואַרפט אַרויס דאָס אידישע פאָלק פון אידישן פאָלק און פראָקלאַמירט זיך אַליין פאַר'ן אמת'ן פאָלק. און דאָס דווקא אין נאָמען פון דער אידישער אמונה....

דידאָזיגע טענדענץ ביי די נטורי קרתא איז נאָך ניט גענוג אַרויס־געבראַכט געוואָרן פאַר דער וועלט.

אָבער וויל מען פאַרשטיין זייער געדאַנקענגאַנג, מוז מען זיי נאָכגיין אויף וועגן, אין זייער פּרעסע, וואו ס'איז פינסטער און גליטשיג. ס'איז דאָרט ניט קיין „געדאַנק" און ניט קיין „גאַנג", נאָר אַ משונה'דיג קלעטערן אויף גלייכע ווענט. שדים, ניט קיין מענשן גייען דאָרט. און אויב איר שטויסט זיך שוין אָן אויף עפּעס וואָס לאָזט זיך קלאָר איבער־זאָגן, איז עס אָפט אַזוי גראָב און אומדערטרעגלעך געמיין, אַז ס'איז אַ פראַגע פון בושה, צי מען מעג עס נאָכזאָגן און איבערשרייבן.

איין אַרטיקל פון דעם מין הייסט: „בצאת ישראל ממצרים" („חומתנו", י"ח אד"ש, תשי"ז). דאָרט ליגט אויס דער שרייבער, אַז

ווען די אידן זיינען אַרויס פון מצרים האָט פרעה אַריינגעשיקט צווישן זיי זיינע מענשן, זיי זאָלן פאַרפירן די אידן און זיי אָפּנויגן פון גאָט, זיי פאַרשלעפּן אין דעם זומפּ פון טומאה און זיי לאָזן דאָרט פאַרזונקן ווערן. דאָס איז געווען דער ערב רב. אַזוי לייענט ער פון „זוהר הקדוש״.

נון, קומט דער שרייבער און פירט אויס, אַז די היינטיגע פירער פון דער מדינה און פון פאָלק, זיי זיינען עס יענע אמת׳ע „מצריים״, פון וועלכע דער „זוהר״ רעדט....

פופציג טויערן פון טמאה זיינען געווען אין מצרים — פאַרשפּרייט זיך ווייטער דער שרייבער — און די אידן ביי פרעה׳ן זיינען שוין געווען אַריינגעזונקן אין ניין און פערציג. ווען זיי וואָלטן נאָך, חלילה, געווען אַריינגגיין אין דעם פופציגסטן טויער, וואָלטן זיי שוין קיינמאָל ניט געקענט אויסגעלייזט ווערן.

נון, פירט אויס דער שרייבער ווייטער, אַז אין דער סיני־אַקציע, ווען די ישראל אַרמיי איז אַריין און האָט פאַרנומען עגיפּטישע טעריטאָריע, איז עס געווען יענער פופציגסטער טויער פון טומאה, און די אידן זיינען ענדלעך אין אים אַריין. „וואָס דער אַמאָליגער פרעה האָט ניט געקענט באַוויזן״, שרייבט ער, דאָס האָט באַוויזן דער „ערב רב״ וואָס הערשט היינט איבער ישראל....

אַזוי דערוויסן מיר זיך גאַנץ פּלוצלינג אַז די ציוניסטן און די פירער פון דער אידישער מדינה זיינען גאָר מצריים, עגיפּטער, סאַמע ראדנע נאַסערס פון פּינסק, מינסק, מאָטעלע און פּלאָנסק, די אמת׳ע נעסטן פון דער טומאה פון די ניין און פערציג טויערן.

נאָר מצריים איז נאָך ניט אַזוי שלעכט. סוף כל סוף זאָגט אָן די תורה: זאָלסט ניט פאַראַכטן קיין מצרי, ווייל אַ גר ביסטו געווען אין זיין לאַנד. ערגער שניידן אָפּ די ציוניסטן ביי אַן אַנדער גדול, וועלכער מאַכט זיי פאַר „זרע עמלק״, קינדער פון עמלק׳ן, אָט דער עמלק וואָס די תורה זאָגט אונז אָן אויף אים מיט׳ן האַרבסטן וואָרט: „מחה תמחה את זכר עמלק״, אָפּמעקן זאָלסטו אָפּמעקן דאָס געדעכעניש פון עמלק׳ן. און ער גייט נאָך אַ סך ווייטער צוריק פון עמלק׳ן, אַזש צו קין׳ען: „בני קין״, קינדער פון קין׳ען זיינען ביי אים די ציוניסטן, די חלוצים, די בויער און טוער פון באַנייטן ארץ ישראל.

און ער איז מסביר אויספירלעך וואָס עס ווערט אין דער תורה געזאָגט אין דעם ענין עמלק, אַז אַן אייביגע מלחמה איז פון גאָט געגן עמלק׳ס קינדער, אַז גאָט׳ס נאָמען איז ניט גאַנץ און גאָט׳ס שטול איז ניט גאַנץ ביז זיי וועלן ניט אָפּגעמעקט ווערן פון דער ערד.

דאָס אַלץ ווענדט אָן דער מחבר אויף די ציונים און בויער פון ארץ ישראל און ער פאַרזיכערט אַז „די זאַך איז קלאָר ווי די זון, כי תקיא אתכם הארץ", אַז דאָס לאַנד וועט זיי אויסשפייען („חומתנו", כ"ה אד"ש תשי"ז).

אַזאַ איז דער געדאַנקענגאַנג פון דידאָזיגע לייט. דאָס זיינען „אַרגו־מענטן" וואָס איר קענט ניט „אָפּלייקענען". מ'קען אָפּשלאָגן אַ לאָגישע טענה, אָבער מ'קען ניט אָפּשלאָגן אַ פאַנטאַזיע. אַ לאָגישע טענה קענט איר גובר זיין מיט אַן אַנדער לאָגישן געדאַנק, אַ שטאַרקערן, אַ העכערן. אָבער אַ „פאַנטאַזיע" קענט איר ניט אָפּוועגדן מיט קיין לאָגיק, סיידן נאָר מיט אַן אַנדער פאַנטאַזיע, און דעמאָלט ווערט דער ענין נאָר מער פאַרפלאָנטערט.

נאָר על כל פנים איר קענט דידאָזיגע רייד און געדאַנקען איבעררייידן, איבערגעבן, איבערשרייבן. זיי זיינען קרום, אָבער ניט אומאַנשטענדיג. זיי זיינען אַ ווייטאָג, אָבער ניט קיין חרפה. פאַראַן אָבער ביי די נטורי קרתא רייד וואָס איז אַ פראַגע צי מ'מעג איבערגעבן פשוט מחמת בושה. ווי למשל דאָס פאָלגנדע:

דער שרייבער טענה'ט זיך אויס מיט די פרומע פאַרטייען און עלעמענטן, וואָס האָבן אָנגענומען די מדינה און זיי קעמפן זי צו פאַר־וואַנדלען אין אַ מדינה על פי תורה. די שיטה פון די נטורי קרתא איז, אַז די עצם מדינה איז געגן דער תורה און די תורה קען זי ניט ראַטעווען, און די פרומע, דורכדעם וואָס זיי זיינען זיך מתחבר מיט די פרייע, ווערט זייער פרומקייט אויס פרומקייט. און אַזוי שרייבט ער (גראָד אין אידיש):

„אַזוי ווי אַ טויטער איז טמא און אַלע וואָס געפינען זיך מיט אים אין צימער ווערן אויך טמא, אַזוי איז מיט זיי": ער מיינט דאָ די רעליגיעזע עלעמענטן וואָס גייען מיט דער מדינה און גלויבן אַז ס'קען זיין אַ מדינה על פי תורה. און ער ברענגט פון אַ גדול אַ מעשה מיט אַ חזיר וואָס איז געקוילעט געוואָרן לויט כשר'ער שחיטה. דער חזיר, פאַרשטייט זיך, בלייבט טריף. און דער שרייבער פירט אויס מיט די ווערטער פון דעם גדול:

„די מדינה איז אַ חזיר. זאָל זי זיין אויפ'ן כשר'סטן אופן, בלייבט זי אַ חזיר". („חומתנו", אחרי, ט' ניסן, תשי"ז).

אָט אַזאַ לשון ווי גיט מען איבער?

אין אַן אַרטיקל מיט'ן נאָמען „מעשי סדום ועמורה" ווערן די רעגירער און געזעצגעבער פון מדינת ישראל אַרויסגעשטעלט ערגער ווי די נאַציס און זיי ווערן באַצייכנט אַלס די „עקסטע טומאה (תכלית הטומאה)

און דער „אָפּפאַל פון דעם אָפּפאַל פון מענשלעכן מין" (פסולת שבפסולת של מין האנושי).

מיט אַזאַ ברענענדיגער שנאה און פאַראַכטונג צו דער מדינה און צום פאָלק פון דער מדינה, איז קיין חידוש ניט וואָס דידאָזיגע לייט ווילן זיך אָפּשיידן און אָפּטיילן ניט נאָר ווי אַ סעקטע, אַ „כת", נאָר ווי אַ „פאָלק" פאַר זיך. דערדאָזיגער מאָטיוו גייט דורך ווי אַ רויטע פאָדים דורך זייער גאַנצער שריפט, און ער ווערט פאָרמולירט קלאָר און שאַרף אָהן שום ספקות און שאַטירונגען. אַזוי לייענען מיר אין איין אָרט:

„און מיר דאַרפן קוקן אויף זיך ווי אויף קינדער פון אַן אַנדער אמונה און אַן אַנדער פאָלק (בני דת אחרת ובני עם אחר), מיר געהערן גישט צום ציוניסטישן פאָלק נאָר צום אידישן פאָלק (עם היהודי); אויב דאָס ציוניסטישע פאָלק האָט אַוועקגעגזל'ט פון אונז אונזער נאָמען „ישראל", דאַן, ביז דער צאָרן וועט אַריבער, לאָמיר ווי ווייט מעגלעך זיך אָפּ־האַלטן פון דעמדאָזיגן נאָמען" („חומתנו", כ"ו כסלו, תשי"ח).

„ביז דער צאָרן וועט אַריבער" („עד יעבור זעם"), מיינט דאָ, אין דעם לשון פון די נטורי קרתא, ביז ס'וועט מער, די שעה זאָל ניט זיין, קיין מדינה, חלילה, ניט זיין....

נאָר „דערווייל" זיינען זיי גרייט צו פאַרציכטן אויף דעם נאָמען און דעם וואָרט „ישראל". טאָ וואָס וועלן זיי טאָן מיט'ן „שמע ישראל"? אים אויסבייטן אויף „שמע יהודי"?

אין אַן אַרטיקל מיט'ן נאָמען „אחרי הפרד לוט" (נאָך לויט'ס אָפּ־שיידן זיך) טענה'ט דער שרייבער ד. כהנא, אַז כל זמן אברהם אבינו האָט געוואוינט צוזאַמען מיט לוט'ן, האָט ג־ט מיט אברהמ'ען ניט גערעדט. ערשט ווען אברהם האָט זיך אָפּגעטיילט פון לוט'ן, איז געקומען ג־ט'ס וואָרט צו אים. „פונדאַנען — שרייבט ער — דאַרפן מיר זיך אָפּלערנען ווי ווייט מיר דאַרפן זיך דערווייטערן פון דער געזעלשאַפט פון די רשעים און זיך היטן ניט צו זיין באַהאָפטן מיט זיי. וואָרים ווער עס באַהעפט זיך צו אַ טמא איז טמא".

און לוט'ן באַטראַכט דער שרייבער דווקא מיט אַ סך חסד. ער מאַכט אים ממש פאַר אַ צדיק אַנטקעגן די רשעים פון דער מדינה. און ער לערנט אַ קל וחומר: מה דאַך פון אַ „צדיק" ווי לוט האָט אברהם אבינו זיך געמוזט אָפּטיילן, ווי זשע שוין פון אַזעלכע „טמאים" ווי די מענשן פון מדינת ישראל?

דאָס גרויסע אמת'ע וואָרט וועגן פאַנאַנדערשיידונג געהערט צו זייער הויפּט־פירער, ר' עמרם בלויא. ד. כהנא לערנט זיין דין פון אברהם

אבינו און לוט'ן, און ר' עמרם לערנט זיין הלכה פון יעקב אבינו און עשו'ן. „אַלע אונזערע געשרייען — שרייבט ער — גייען אין דעם נוסח אַז זיי זיינען אונזערע ברידער". אַזוי ווי מ'וואָלט זיך געקענט אויס'טענה'ן מיט זיי, זיי אויפווייזן זייערע טעות'ן און זיי וועלן תשובה טאָן. אויסגעשלאָסן. דאָס איז אַ טעות. אויב ברידער, איז עס נאָר ווי יעקב מיט עשו'ן. „דער ריכטיגער וועג פאַר אונז איז זיי לאָזן זיך אָפּשיידן פון אונז און מיר וועלן זיך אָפּשיידן פון זיי, ווייל זייער דין איז אָפּגע'פּסק'נט אַז זיי זיינען אַרויסגעצויגן פון כלל ישראל".

און עמרם בלויא פאָדערט זיך אָפּצוטיילן און אָפּשיידן ניט נאָר פון מפא"י און מפ"ם, נאָר אפילו פון דער „אגודה" און די אַנדערע רעלי־גיעזע עלעמענטן, וואָרים וויבאַלד זיי גייען מיט די טמאים, זיינען זיי אויך טמא. („חומתנו", וישלח, י"ב כסלו, און וישב, י"ט כסלו, תשי"ח).

פאַרקערט, ערשט געגן דידאָזיגע איז זיין צונג להבת אש. וואָרים זיי, מיט זייער משא ומתן און התקרבות מיט די פרייע, גיבן די פרייע אַן אָנזען פון קינדער פון פאָלק ישראל און לייגן אַרויף אויף זיי דאָס שטעמפּל פון כשרות. און דאָס איז נאָר עלול צו פאַרפירן אין שאול תחתיה.

ס'איז גאָר אונמעגליך, ניט מיט זיין אייגענעם לשון, איבערצוגעבן די הייסע רציחה מיט וועלכער ר' עמרם שרייבט וועגן מפא"י און מפ"ם. נאָר נאָך ווילדער, אויב דאָס איז בכלל מעגלעך, איז זיין רציחה געגן די פרומע, וועלכע ער רופט ניט אַנדערש ווי „צבועים", דערפאַר וואָס זיי, גייענדיג מיט דער מדינה, פאַראייניגן נאָך די פרייע מיט'ן אידישן פאָלק.

„די ערשטע זאַך וואָס מיר דאַרפן טאָן — שרייבט ער וועגן די פרייע — איז אַרויסשטעלן זיי אַזוי ווי זיי זיינען, כדי אַ איד זאָל וויסן אַז ער דאַרף זיין דערווייטערט און אָפּגעשיידט פון זיי און פון זייערס, אויף אַזאַ אופן אַז קיין שום באַגריף זאָל זיי ניט פאַרבינדן מיט אונז, זייער גיפטיגע השפעה זאָל ניט גרייכן צו אונזער גבול". אַהער גייט אַריין — ניט מתחתן זיין זיך. אָבער די „צבועים און חונפים", וואָס פון איין זייט שטייען זיי פאַרבונדן מיט די פרייע און פון דער אַנדערער זייט באַרירן זיי זיך מיט די נטורי קרתא — זיי זיינען, לויט ר' עמרמ'ן, די גרעסערע סכנה. זיי שלעפּן די נטורי קרתא אין „בעץ און גרוב" פון די פרייע.

בכן, „אויב שרייען — שרייבט ר' עמרם — דאַרפן מיר שרייען גוואַלד געגן דידאָזיגע צבוע'קעס וואָס האָבן זיך פאַרנומען צו פאַר־בינדן דאָס פאָלק ישראל מיט די כופרים און פאַרפירער, וועלכע האָבן אין אמת'ן גאָרניט צו טאָן מיט'ן אידישן פאָלק, און אָט די צבוע'קעס

האָבן גענומען אויף זיך צו באַשטעטיגן דעם אידישן נאָמען אויפ׳ן גוי׳אישן גוף פון דעם נאַציאָנאַלן פלשתי״ („לאשר את שם ישראל על הגוף הגויי של הפלשתי הלאומי״)....

האָבן מיר שוין אַ פערטע באַצייכענונג פאַר די אידן פון מדינת ישראל: מצריים, עמלקים, בני קין און פלשתים....

אָט אַזוי שאַרף איז דער דראַנג פון די נטורי קרתא זיך אָפּצוטיילן פון כלל ישראל און מאַכן שבת פאַר זיך. ניין, ניט נאָר „שבת פאַר זיך״, נאָר אַ פאָלק פאַר זיך....

און דאָס איז דער יסוד, אויף וועלכן זיי פאַרלאַנגען מ׳זאָל זיי לאָזן אַריבערגיין אין דער אַלטשטאָט, צו לעבן צווישן די אַראַבער.

און אַזוי זיינען מיר דערגאַנגען צו דעם פונקט, אַז אויך די פרימסטע פון די פרומע — באַגלייך מיט די רעפאָרמער, די מאַרקסיסטן, די יעווסעקעס, די דזשודאַאיסטן, די כנענים און ווי נאָך זיי הייסן דאָרט, — פאַרוואַרפן די גרונט־לערע פון אידנטום, די אידייע פון אחדות האומה.

אַן אָפּקלאַנג פון דערדאָזיגער שיטה און טענדענץ געפינען מיר ביי די וויליאַמסבורגער נטורי קרתא, וועלכע האַלטן זיך פאַר די איינציגע אמת׳ע אידן, וואָס זיינען נאָך געבליבן אין אַמעריקע, און ווער ס׳איז ניט פון זייערע איז אַ „גוי״....

און אַזוי, פון רעכטס און פון לינקס, צערייסט מען אונזער פאָלק אין שטיקער....

# די סאַטמאַר־געשטאַלט

די אידישע וועלט בכלל האָט נאָך ניט קיין באַגריף ווי טיף ס׳איז שוין די שפּאַלטונג וואָס סאַטמאַר האָט גורם געווען צווישן אידן. די שפּאַלטונג איז צווישן אידן פון איין זייט און סאַטמאַר פון דער אַנדערער זייט, צווישן כלל ישראל און סעקטע, צווישן פאָלק און כת. אידן טיילן זיך אָפּ פון סאַטמאַר, דערווייטערן זיך פון סאַטמאַר, שטויסן אָפּ פון זיך סאַטמאַר, נאָר דאָס פאָלק האָט נאָך ניט קיין פירערשאַפט אין דער זאַך, עס גייט נאָך אין דער זאַך בלויז מיט׳ן אינסטינקט, אָהן קלאָרקייט און דירעקטיוון, און עס קומט אַרויס גרויס שאָדן ניט אין ריכטיגן אָרט, און אַפילו טראַגעדיעס פאַר אומשולדיגע מענשן.

איך ברענג דאָ אַ בריוו פון איינעם אַזאַ אומשולדיגן קרבן, אַ בריוו וואָס ווייזט ווי טיף דער מעסער פון קריג האָט שוין איינגעשניטן אין אידישן האַרצן און ווי אַנטשלאָסן ס׳איז דער ווירדערשטאַנד וואָס דאָס פאָלק איז גרייט צו געבן די בוגדים געגן ישראל. דער בריוו לייענט זיך אַזוי:

חשוב׳ער פריינט חיים ליבערמאַן: — איך בין אַ פאָטער פון זעקס קינדערלעך. איך אַרבייט אין אַ שאַפּ אין דער איסט סאַיד אַלס אַ קעפּ־מייקער. אַלץ אינאיינעם איז דאָ אומגעפער אַכט מאַנאַטן אַרבייט איבער׳ן יאָר. איך מאַך אַרום 70 דאָלער אַ וואָך ווען איך אַרבייט. קענט איר זיך שוין פאָרשטעלן ווי שטאַרק איך פּלאָג זיך פאַר פּרנסה. נעכטן קום איך אין שאַפּ, זאָגט מיר מיין באָס, אַז ער קען מיך מער ניט האַלטן אין שאַפּ, ווייל אַזוי ווי איך וואוין אין וויליאַמסבורג, און אַזוי ווי חיים ליבערמאַן וואָס איז אַ פרומער איד שרייבט אין „פאָרווערטס״ אַז די וויליאַמסבורגער אידן זיינען מוסרים און אַלץ וואָס אין דער קאָרט, וויל ער ניט האַלטן ביי זיך אין שאַפּ אַ מסור. איך בין געוואָרן אַזוי איבערראַשט פון זיין האַנדלונג, אַז איך האָב פשוט ניט געוואוסט וואָס צו ענטפערן.

„איצט, טייערער חיים ליבערמאַן, וואָס האָט איר מיר דאָ אָנגעווירטשאַפט? וואָס וועט זיין מיט מיין ווייב און זעקס קינדערלעך? עס קומט מיר אויס אַזש זיך אַריינצוואַרפן אין וואַסער מיט זיי אינאיינעם.

וואָס האָב איך אַייך געטאָן? פאַרוואָס האָט איר מיך אומגליקלעך געמאַכט? פאַרוואָס האָט איר צוגענומען מיין אַזוי אויך מיזעראַבל שטיקל טרוקן ברויט? וואָס וועט איר ענטפערן פאַר'ן בית דין של מעלה? ווי אַזוי וועט איר זיך פאַרטיידיגן? וואו איז אַייער געוויסן? פאַרוואָס האָט איר געמוזט שרייבן אַז וויליאַמסבורגער אידן זיינען מוסרים? פאַרוואָס האָט איר זיך ניט באַנוגנט צו שרייבן „אַ קליינע גרופע"? טאָר דאָס טאָן אַ איד אָדער אַפילו אַ ניט־איד? וואו איז אַייער רחמנות־געפיל? טייערער מר. ליבערמאַן! איך בין זיכער, אַז איך בין ניט דער איינ־ציגער, עס זיינען דאָ הונדערטער און טויזנטער אַזעלכע אידן וואָס האָבן געליטן ווי איך. אויב איר ווילט עס פאַרריכטן נאָר אַפילו טיילווייז, איר זאָלט קענען זאָגן ידי לא שפכו את הדם הזה, בעט איך אַייך און דריק, שרייבט תיכף אַז איר האָט ניט געמיינט די וויליאַמסבורגער אידן, נאָר אַ גאַנץ קליינע גרופע וואָס איר באַשולדיגט. איך בעט אַייך נאָכ־אַמאָל, מאַכט דאָס שנעל, ווען עס איז נאָך ניט צו־שפעט. מיט אַ דאַנק — יעקב כץ, ברוקלין, ניו יאָרק".

איך נעם ניט פאַר אומגוט די ביטערע רייד פון דעם שרייבער אויף מיין חשבון, אַז איך זאָל שולדיג זיין אין דער צרה וואָס האָט אים גע־טראָפן. אַוודאי איז עס נאָר אַ קליינע גרופע וואָס איז דער מקור פון דעם גרויסן בייז, און וויליאַמסבורג בכלל איז באַוואוינט פון אַ שיין אידנטום. איך בין זיכער אַז דער באָס וועט פאַרריכטן די עוולה געגן דעם שרייבער און וועט אים צוריקשטעלן צו זיין אַרבייט. איך פסק'ע ניט קיין שאלות נאָר על פי דין טאָר מען איינעם ניט גיין אין דער פרנסה אַפילו פאַר מעשים ווי סאַטמאַרער. אין בודקין למזונות. נאָר ניט דאָס איז דער ענין אין איצטיגן מאָמענט. וויכטיג איז דער בריוו פון יעקב כץ מיט דער מעשה וואָס ער דערציילט פון דעם גרויסן ריס אין פאָלק וואָס די סאַטמאַרער שטעלונג צו ישראל האָט גורם געווען.

דאָס אַלגעמיינע וואָרט „וויליאַמסבורג" קען זיין פאַרפירעריש. ס'איז באַוואוסט אַז די אָנגעזעענע קהילות אין וויליאַמסבורג, ווי צעהלים, בעלז, גור, קלויזענבורג, וויזשניץ און אַנדערע, זיינען נישט מסכים מיט יענע אידעאיש. פון די עלטערע עטאַבלירטע שולן שוין אָפּגערעדט. נאָר ס'איז דאָך שוין אַן אַלטער כלל: וויי איז דעם רשע און וויי איז זיין שכן....

ניט איין אידישע שטאָט האָט שוין סאַטמאַר פאַרשוואַרצט דאָס פנים. סאַטמאַר איז דאָס הויז פון מחלוקת. ס'איז דער רבי און אַ קליקע וועלכע ווילן געוועלטיגן זינט אַ פערציג יאָר, צוערשט אויף אַ קליינעם

מאַסשטאַב מיט רב־שוחט מחלוקת׳ן אין אונגאַרן, דערנאָך אין רומעניע, שפּעטער אין וויליאַמסבורג, און לסוף אין מדינת ישראל.

דאָס איז די אַטמאָספערע וואָס גייט שטענדיג וואו סאַטמאַר גייט. און דאָס איז די אַטמאָספערע וואָס הערשט היינט אויף דער אידישער גאַס אין אַמעריקע. דער סאַטמאַרער צד איז גוט אָרגאַניזירט, אָבער דער אידישער צד איז נאָך ניט אָרגאַניזירט, עס פעלט אים נאָך ריכטונג, ער איז נאָך צעשוואומען, און עס פאַלן שטיינער און טרעפן אין גאָר אומגעריכטע ערטער.

אַן אומגעריכטער קרבן איז — דער איד מיט דער באָרד! דערפאַר וואָס די סאַטמאַרער פּאַראַדירן מיט זייערע בערד, און ווען זיי גייען מיט זייערע מלשינות׳ן צו די גוים קלייבן זיי אויס זייערע גרעסטע און שענסטע בערד, האָבן אידן, ליידער, אָנגעהויבן צו קוקן מיט חשד אויף אַ אידן מיט אַ באָרד....

דערציילט מיר אַ חשוב׳ער חסיד׳ישער רבי פון ברוקלין: אַ איד אין זיין שול האָט זיך פאַר אים מודה געווען אַזוי: ער איז אַ געשעפטס־מאַן, און אַ הייליגער מנהג איז ביי אים געווען אַלע צייטן, אַז ווען עס קומט אַריין אַ איד בעטן אַ נדבה, פאַר זיך אָדער פאַר אַן אַנשטאַלט, אַ ישיבה אָדער אַן אַנדער אינסטיטוציע, זאָל קיינער קיינמאָל ניט אַרויס מיט ליידיגע הענט. היינט אָבער, ווען עס קומט אַריין אַ איד מיט אַ באָרד, איז לא די וואָס ער גיט אים גאָרניט, טרייבט ער אים פשוט אַרויס....

און דער רבי איז מוסיף פון זיין זייט: דיזעלבע גריסן הערט מען אין אַלע אינסטיטוציעס . . . די ישיבות האָבן געליטן צום שטאַרקסטן . . . משולחים קערן זיך אום ווייל מ׳וויל זיי ניט אַריינלאָזן אין די הייזער . . .מען איז חושד אַז זיי זיינען פון יענעם צד....

הרב ר׳ ישראל שורין, פון דער שול מגן אברהם אין ברוקלין, דערציילט, אַז אַ איד פון זיין קהילה האָט אים געזאָגט, אַז ער האָט געהאַט דריי פּושקעס אין הויז פון דריי ישיבות, האָט ער זיי אַלע אַרויס־געוואָרפן, ווייל ער האָט מורא זיי זיינען פון יענעם לאַגער.

און אָט זיינען רירנדע ווערטער אין אַ בריוו פון אַ אידן, יצחק פיינטוך, ברוקלין: „מיט פאַרגעניגן און פרייד אין מיין האַרצן שטיץ איך אַ סך ישיבות און אַנשטאַלטן, וואו אידן זיצן און לערנען. נאָך היינט קענט איר געפינען ביי מיר אַ האַלבן טוץ פּושקעס, און דאַנקען ג־ט, איך גיב אין אַלע וויפיל איך קען. און ביי מיר איז אַ געוואוינהייט, אַז ווען אַ איד שטרעקט אויס אַ האַנט, גיב איך וויפיל ס׳איז מיר מעגלעך.

אָבער ליידער האָט זיך ביי מיר אַריינגעכאַפּט אַ פאַרדאַכט, אַז אין פיל פאַלן שטיץ איך אונזערע שונאי ציון״....

אַ יונגער רב, אַ גדול בתורה, שרייבט: „איך און נאָך הונדערטער אַנדערע ווי איך, וואָס פאַרנעמען רבנים שטעלעס און זיינען באַהאַוונט אין היגן אָרטאָדאָקסישן קהל׳שן לעבן, וועלן זיין די עדות ווי ווייט אָט־די פאַרביסענע קליקע האָט פאַראורזאַכט שאָדן.

„אויב שלום אַש האָט געדראָט, אַז די יוגנט זאָל חס ושלום אַוועק צו די גוים, האָט די שנאה צו מדינת ישראל פון אָט־דער חברה געדראָט, אַז די אידן זאָלן אַוועק פון (פרומע) אידן.

„אַ איד מיט אַ באָרד איז פון פשוט׳ן אַמעריקאַנער איד געשטעלט געוואָרן אונטער אַ חשד אַז ער איז פון די נטורי קרתא. אַן אָרטאָדאָקסישער איד, וועלכער האָט געוואַגט מיט עפּעס צו קריטיקירן די פרייע פירערשאַפט פון ישראל, איז באַלד געשטעמפּלט געוואָרן אַלס שונא ציון. די חברה מיט זייער עקסטרעמקייט האָבן גורם געווען, אַז פרומקייט איז געוואָרן אַ סינאָנים מיט שנאת ישראל און אַז אידישקייט מיינט מסירות און מלשינות. דער פרומער איד איז געוואָרן פאַרהאַסט ביים סתם איד, און דעם רעספּעקט וואָס די אמת׳ע אָרטאָדאָקסיע האָט אַזוי שווער געוואונען, דורך אַזוי פיל יאָרן, איז פּלוצלינג פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שנאה און עקל״. („פאָרווערטס״, יולי 11, 1958).

אַ פייערדיגן שטעמפּל אויף דער סאַטמאַרער אַרבייט האָט אַוועקגעלייגט הרב ניסן טעלושקין אין אַ מערקווירדיגן עפּיזאָד וואָס ער האָט דערציילט ביי אַן אסיפה פון רבנים. הרב טעלושקין איז איינער פון די חשוב׳סטע און מיוחס׳דיגע רבנים אין אַמעריקע. אַ מחבר פון ספרים, שטענדיג אַ גרויסער טוער פאַר ישראל. ער איז אַ איד אַ הדרת פנים מיט אַ שיינער אידישער באָרד. און ער האָט דערציילט, אַז ער איז געשטאַנען אויף אַ סאָבוויי סטאַנציע, און עס זיינען אַריינגעקומען צוויי אידן, הערט ער ווי איינער זאָגט צום אַנדערן: אָט דאָ שטייט אַ מסור....

אָט דאָס איז דער שרעקליכער פּסק־דין פון פאָלק. סאַטמאַר׳ס גיין צו די גוים האָבן אידן געבראַנדמאַרקט ווי אַ מסירה; אַ איד מיט אַ באָרד איז פאַר זיי געוואָרן חשוד פאַר אַ סאַטמאַרער, און אַ סאַטמאַרער איז געוואָרן דאָס אייגענע וואָס אַ מסור.

אויף אָט די אַלע זאַכן וועלן אידן מיט בערד און אידן אָהן בערד אַראָפּלאָזן די קעפּ אין צער און חרפה: צו וואָס ס׳איז שוין דערגאַנגען, אַז די אַלטע, פּאַטריאַרכאַלע אידישע געשטאַלט, דאָס אַלטע היסטאָרישע אידישע פנים ווערט פאַר׳מיאוס׳ט ביי אידן אַליין!

די יאָרן נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָבן די פּאָליאַקן זיך איזדעקעוועט איבער דער אידישער באָרד. אידן מיט בערד פלעגן גע־וואָרפן ווערן פון די באַנען. ווער געדענקט ניט די היטלער־יאָרן, ווען די נאַציס האָבן פאַרפלייצט די וועלט מיט שפּאָט־קאַרטונען, צייכנונגען און בילדער, צו פאַר׳מיאוס׳ן דאָס אידישע פּנים אין די אויגן פון דער וועלט. דעמאָלט, אין 1939, האָב איך געמאַכט אַ צייכנונג פון׳ם אידישן פּנים. איך צייכן ניט מיט קיין פאַרבן, מיין אינסטרומענט איז דאָס וואָרט, און אָט וואָס איך האָב אויסגעוויינט אין ווערטער:

„דאָס אידישע געזיכט, דאָס רבי־פּנים, אָ, וואונדערלעך אידיש פּנים! די אויגן צוויי זומערדיגע שטורעמס, דער שטערן אַ בלאַט באַשריבן מיט דער געשיכטע פון ג־ט, באַקן צוויי — צוויי לוחות, די נאָז געטאָקט פון חכמה און פון פּיין, דאָס מויל — אַ קדשי קדשים, און די באָרד, די באַ׳חוזק׳טע, די באַשפּיגענע, די אויסגעפּליקטע — ווען די האַנט מיט ליכט־בלאַסע פינגער גלעט זי אין פאַרטראַכטער תורה־שעה און ציט אַרויס אַ מיד־געוואָרענע האָר — אָ, בעסער ווי זיין איך, ווי וואָלט איך וועלן זיין זי, ווען זי ווערט געבראַכט צו קבר ישראל אין אַ כשר׳ן אידישן ספר! און אויב יענע פאַרנעמען ניט די קדושה און זעען ניט די שיינקייט, איז וואָס דערפון? שווימט אַ פישעלע אַרום אין פינסטע־רער טיפעניש אויפ׳ן גרונט פון ים, פון וועמעס וועגן איז זי דאָרטן שיין? דאָך נאָר פאַר דיר ג־ט אַליין״....

אַזוי האָב איך געשריבן אַמאָל צו באַשיינען און באַ׳חנ׳ען די אידישע באָרד געגן די נאַציס, געגן די פּאָליאַקן, געגן אַלע רשעים וואָס האָבן זי באַ׳חוזק׳ט, באַשפּיגן, זי געפּליקט און געברענט מיט דער הויט אינאיינעם; ווער האָט זיך דעמאָלט געקענט ריכטן, אַז מ׳וועט זי דאַרפן אַמאָל באַשיצן געגן אייגענע, געגן אידן וואָס האָבן די באָרד געמאַכט אין אידישע אויגן פאַר אַ סימבאָל פון שנאה צו ציון, פון חרפּה פאַר ירושלים?!

# קריזיס אין רעליגיעזע אַנשטאַלטן

אויף דער „געלט־שטראָף" וואָס דער אידישער ציבור אין אַמעריקע האָט אַרויפגעלייגט אויף סאַטמאַר, איז נויטיג זיך אָפּצושטעלן אויס־פירלעכער.

ניט פאַר סאַטמאַר אַליין, נאָר פאַר אַלע אָרטאָדאָקסישע אידן אין אַמעריקע, איז אויסגעוואַקסן אַ פּראָבלעם זייער אַ פּיינלעכע און זייער אַ פאַרפּלאָנטערטע.

די פּראָבלעם ווערט שאַרף אַוועקגעשטעלט און קלאָר אויסגעדריקט אין פאָלגענדן קורצן בריוו וואָס איך האָב דערהאַלטן עטלעכע טעג פאַר ראש השנה תשי"ט. אַזוי רעדט דער בריוו:

„פריינד ח. ליבערמאַן: — איר וועט מיר אַנטשולדיגן פאַר נעמען די פרייהייט צו בעטן טאָן אונז אַ טובה, וואָס וועט אפשר העלפן אַ סך אַנדערע מענשן. איך וועל גלייך קומען צום פונקט:

„מיין מאַן און איך אַרבייטן זייער שווער, פערצן שעה אַ טאָג, כאָטש אין אונזער אייגענער שטיקל ביזנעס. מיר באַקלאָגן זיך ניט, מען מאַכט אַ דאַנק ג־ט אַ לעבן און מען העלפט ב"ה אַנדערע אויך. מיר קריגן אַ סך ביטעס פון אַלערליי אינסטיטוציעס פאַר הילף, איבער־הויפּט ערב יום טוב, און מיר שיקן. ביז עס האָט זיך אָנגעהויבן דער קאַמף פון די נטורי קרתא אַנטקעגן ישראל, האָבן מיר ניט געפרעגט קיין קשיות. איצט אָבער ווילן מיר ניט אונזער געלט זאָל גיין פאַר זייער שמוציגער אַרבייט. ווי ווייסט מען אָבער וועלכע געהערן צו זיי?

„קענט איר אפשר, פריינט ליבערמאַן, אונז אַרויסהעלפן? קענט איר אפשר אונז ענטפערן פערזענלעך? אָדער אין ‚פאָרווערטס'? מיר וועלן אַייך זייער דאַנקבאַר זיין. איך בין זיכער, עס זיינען דאָ אַ סך אַזעלכע ווי מיר וואָס שיקןביישטייערונגען און ווייסן ניט, אויב זיי העלפן די ריכטיגע אָרגאַניזאַציעס. איך וועל דאָ ביילייגן די נעמען"....

צו דעם בריוו זיינען געווען צוגעלייגט צוועלף נעמען פון אַנשטאַלטן, וואָס האָבן זיך צו זיי געווענדט נאָך הילף. צען פון די צוועלף זיינען געווען נעמען פון אַלט באַוואוסטע, וועלט באַרימטע צדקה אַנשטאַלטן

און ישיבות, און דאָך האָבן די צוויי מענטשן ניט געוואוסט ווי אַזוי צו אַנטשיידן.

די פראַגע איז אַ נאַציאָנאַלע פראַגע. אַלטע, גרויסע אינסטיטוציעס, דאָ אין אַמעריקע און דאָרט אין ישראל, וואָס יעדערע אויף איר אופן איז אַ אידישער פונדאַמענט פון לעבן, זיינען ערנסט באַדראָט געוואָרן אין זייער עקזיסטענץ. דאָס זיינען אינסטיטוציעס, וואָס יעדערע אין איר ווינקל העלפט דערהאַלטן דעם אידישן גוף און די אידישע נשמה; מיט זאָרגן פאַר אלמנות און יתומים, פאַר אַלטע און קראַנקע, אָדער פאַר ישיבות, אַלערליי אַנדערע תורה אַנשטאַלטן און תלמידי חכמים; און אָפט פאַר ביידע, גוף און נשמה — אויף זיי איז פּלוצלינג אויפגע־שטאַנען אַ סכנה אויף וועלכער מ'האָט זיך גאָרניט געקענט ריכטן. די סכנה איז געקומען פון דער זייט פון די סאַטמאַרער און נטורי קרתא, וואָס די שנאה צו מדינת ישראל איז געוואָרן דאָס האַרץ פון זייער אידישקייט. דידאָזיגע לייט האָבן אויך אויפגעשטעלט אינסטיטוציעס, וואָס גייען צום אידישן עולם נאָך געלט. זיי גייען אויך צום עולם מיט שריפטלעכע אַפּילס אָדער דורך משולחים. אָבער די ברייטע מאַסן, וואָס מדינת ישראל איז זיי טייער, ווילן אַהין ניט געבן. זיי ווילן ניט העלפן די שונאים פון דער אידישער מדינה. און זיי קענען זיך ניט פאַנאַנדערקלייבן וועלכער אַנשטאַלט איז פון אונזערע און וועלכער פון די שונאים, אָדער וועלכער משולח קומט מיט אַ מלאך און וועלכער מיט'ן שטן. האָבן דעריבער אידן זיך אָנגעהויבן צוריקהאַלטן פון געבן בכלל. און עס ליידן די אומשולדיגע מיט די שולדיגע גלייך.

דער סך הכל איז, אַז פאַקטיש אַלע אינסטיטוציעס פון דער אידישער רעליגיעזער וועלט זיינען שווער געטראָפן געוואָרן. אין אַ צייט ווען דאָס רעליגיעזע אידנטום שטייט אין אַ באַזונדערס שווערן געראַנגל מיט די פרייע עלעמענטן, זיינען זיינע כחות שטאַרק אָפּגעשוואַכט געוואָרן. די לאַגע אין די אַנשטאַלטן איז אַ קריטישע. אין פאַלן — אַפילו אַ קאַטאַסטראָפאַלע. עס הערט זיך, אַז זינט די שווערע יאָרן פון דעם עקאָנאָמישן קריזיס אין אַמעריקע, דעם קריזיס, וואָס איז געקומען נאָכ'ן קראַך פון 1929, איז ניט געווען אַזאַ שווערע לאַגע אין די אינ־סטיטוציעס, ווי עס האָט זיך אַנטוויקלט אַלס פועל יוצא פון סאַטמאַר און די נטורי קרתא.

זייער קאַמף געגן ישראל האָט עס אַלץ גורם געווען. זיי האָבן אונטערגעמינעוועט דעם צוטרוי צו די אינסטיטוציעס פון דער רעלי־גיעזער וועלט. זיי האָבן גענומען כשר אידיש געלט און עס אויסגעגעבן אויף דעמאָנסטראַציעס אין וואַשינגטאָן געגן מדינת ישראל, אָדער אויף

אַנאָנסען אין דער ענגלישער פּרעסע מיט פּאַרלוימדונגען געגן ישראל, אַנאָנסען וואָס קאָסטן אָפּ שווערע טויזנטער. און דאָס האָט אַרויסגערופן גרויס צאָרןביים אידישן עולם.

אין די פירנדיגע אידישע קרייזן באַגרייפט מען גוט וואָס פּאַראַ שווערן קלאַפּ עס האָבן געליטן די רעליגיעזע אינסטיטוציעס דורך סאַטמאַר. באַקלאָגט זיך אַ חשוב'ער פּאַרטרעטער פון אַ חשוב'ער אינ־סטיטוציע, אַ איד אַ הדרת פּנים, אַן אמת'ער פּאַטריאַרך אין אויסזען:

„אַכט און דרייסיג יאָר, אַז איך בין טעטיג אין אַמעריקע. מען פלעגט מיך אומעטום אויפנעמען מיט כבוד, פּאַרבעטן אין די הייזער, שמועסן, און געבן מיט אַ ברייטער האַנט. איך האָב דורך די יאָרן אַנטוויקלט אַ ברייטע און שיינע קאָנטשאַפט. היינט, אין די זעלבע הייזער, פּאַרהאַקט מען די טיר מיר אין פּנים! איך בין אַ צעבראָכענער מענש"....

ווען אַן אַנשטאַלט פּלאַנעוועט צו קומען אין אַ שטאָט און מאַכן אַ קאַמפּיין, דערהאַלט ער היינטיגע צייט אַן ערך אַזאַ מין בריוול פון דאָרט:

„איידער איר שיקט אייער פּאַרטרעטער צו אונז, שרייבט אונז אַן ענטפער אויף פּאָלגנדע פראַגן: 1) האָט איר זיך באַטייליגט ווען עס איז אין אַן אַנטי־ישראל דעמאָנסטראַציע? 2) זייט איר געווען פּאַר־טראָטן אין דער דעמאָנסטראַציע אין וואַשינגטאָן? 3) האָט איר געהאַט אַ האַנט אין די אַנטי־ישראל אַנאָנסען אין דער ענגלישער פּרעסע? 4) אויב ניט, לאָזט אונז וויסן וואָס איז אייער שטעלונג צו דידאָזיגע זאַכן".

אַנדערע בריוולעך מאַכן עס קירצער און שאַרפער: „שרייבט קיין וואַשינגטאָן נאָך געלט".... אָדער „וויפיל ישיבה־קינדער האָט מען געקענט באַשפייזן וויפיל טעג פּאַר'ן געלט, וואָס ס'האָבן אָפּגעקאָסט די אַנאָנסען אין דער ,טאַימס' און דער מאַרש קיין וואַשינגטאָן"?

און דאָס טרויעריגע דערביי איז, וואָס אַזעלכע בריוולעך קומען אָן צו אַנשטאַלטן וואָס זיינען גאָט די נשמה שולדיג!

דער כעס וואָס דער עולם פילט צו סאַטמאַר טרעפט אומשולדיגע יחידים אויך, ניט דווקא אין דעם פעלד פון צדקה. קומט, למשל, אַריין אין דער „פאָרווערטס"־רעדאַקציע אַ יונגע פרוי, וואָס טראָגט אַ שייטל און זי ווייזט אַן אויסגעברענטן נומער אויף איר האַנט, דער צייכן פון די היטלער־לאַגערן, דער אידישער כבוד־צייכן פון דער היינטיגער צייט, און זי הויבט זיך אָן באַקלאָגן:

„צוליב מיין שייטל נעמט מען מיך פּאַר אַ סאַטמאַרקע, און מען באַליידיגט מיך, אין די גאַסן און אין הייזער. מען רופט מיך מסור. אין מיין גאַנץ לעבן בין איך ניט אַזוי באַליידיגט געוואָרן ווי אין דער

קורצער צייט, וואָס איך בין אין אַמעריקע. וואָס טוט מען? וואָס פאַר אַן עצה גיט איר מיר״?

אָדער אַזאַ פאַל: אויף דער איסט סאַיד איז דאָ אַ שוך־געשעפט, וואָס איר אייגנטימער איז אַ פליכטלינג, ניט לאַנג אין אַמעריקע. ער איז גראָד אַ רב פון דער אַלטער היים, נאָר דאָ, אַנשטאָט רבנות, איז ער אַוועק אין געשעפט. ער טראָגט אַ שיינע באָרד. איין טאָג זיינען צוויי אידן אַריין אין זיין סטאָר קויפן שיך. דער רב איז גראָד געווען אין הינטערשטן צימער. דערהערט, אַז מען איז אַריין אין סטאָר, איז ער אַרויסגעקומען. ווי ער האָט זיך באַוויזן און די צוויי קונדן האָבן דערזען דעם אידן מיט דער באָרד, האָבן זיי געזאָגט: ביי אַ מסור קויפן מיר ניט! און זיי זיינען אַרויסגעלאָפן אַזוי ווי פון אַ שרפה.

אַ דריטער פאַל: אין אַ שול אין פלעטבוש האָט איינמאָל פאַרנאַכט געפעלט אַ צענטער צו אַ מנין. איז דער פרעזידענט פון דער שול אַרויס אין גאַס געפינען אַ אידן. גראָד איז אים אַ באַקאַנטער אָנגעקומען אַנט־קעגן און יענער איז מיט צופרידנקייט אַריין אין שול משלים צו זיין דעם מנין. נאָר אין שול האָט דער איד דערבליקט איינעם, וואָס האָט אים אויסגעזן ווי אַ סאַטמאַרער. האָט ער געפרעגט דעם פרעזידענט ווער דער מענש איז און ער האָט געהערט, אַז יענער איז אַ סאַטמאַרער ישיבה־מאַן, וואָס וואוינט דאָרט אין שכנות און קומט אָפט אַריין אַהער דאַווענען.

ווערט דער געלאַדענער איד אַן אויפגעקאָכטער און זאָגט: אָט דעם־אָ וועל איך פאַרהעלפן ער זאָל האָבן אַ מנין? זאָל ער גיין קיין וואַשינגטאָן נאָך אַ מנין! און ער איז מיט אימפעט אַרויס פון שול.

אָט אַזעלכע עפּיזאָדן שפּילן זיך היינט אָפּ צווישן אידן אין אַמעריקע. זיי שטעלן מיט זיך פאָר אַ טראַגישן ריס אין אידישן לעבן, וואָס איז גורם געוואָרן דורך סאַטמאַר. און צו ווען גייט עס אויס? צו אינ־סטיטוציעס וואָס פאַרדינען לכל הדעות די שטיצע פון פאָלק היינט אַזוי ווי פאַראַיאָרן און אַלע יאָר.

זאָלן אידן, אויב זיי ווילן, בודק זיין ווען צו געבן, אָבער געבן טאָר מען ניט אויפהערן!

מ׳קען אָבער ניט דערוואַרטן, אַז דאָס פאָלק אַליין זאָל געפינען דעם וועג. די רעליגיעזע פירער מוזן אַריינברענגען אַן אויפקלערונג אין דער זאַך. ביז מ׳וועט דעם עולם ניט געבן קיין אויפקלערונג און קיין זיכער־קייט, וועלן אַלע אינסטיטוציעס ליידן.

# דער רבי און דער אמת

די וואָך פון פרשה „לך לך״, תשי״ט (1958) איז דער סאַטמאַרער רבי געווען אויף שבת אין אַטראַנטאַ, קענעדע. אין טאָראָנטאָ גייט אַרויס אַ אידישע צייטונג, דער „אידישער זשורנאַל״. דער רעדאַקטאָר פון דער צייטונג איז מ. י. נירענבערגער. פון לאַנג באַוואוסט פאַר אַ גלענצענדן און געשיקטן זשורנאַליסט, איז אים געלונגען וואָס קיין אַנדער שרייבער איז ביז אים ניט געלונגען — צו האָבן אַן אינטערוויו מיט׳ן רבי׳ן. און אַזוי מעלדעט טאַקע, מיט באַרעכטיגטן שטאָלץ, רעדאַקטאָר נירענבערגער: צום ערשטן מאָל האָט דער רבי געגעבן אַ צייטונגס־אינטערוויו צום רעדאַקטאָר פון „אידישן זשורנאַל״.

ווירקלעך אַן אויסטערלישע געשעעניש, אַ גרויסער חידוש: מה יום מיומים? פאַרוואָס טאַקע האָט דער רבי פלוצלינג געבראָכן אַן אַלטן מנהג נישט צו ריידן פאַר צייטונגען? אַז מר. נירענבערגער זאָל זוכן צו האָבן אַ שמועס מיט׳ן רבי׳ן איז קיין וואונדער ניט: וואָרים לכך נוצרת. דערויף איז ער אַ שרייבער, אַ צייטונגס־מענש, אַ רעדאַקטאָר. אָבער דער רבי, פאַרוואָס האָט ער משנה עתים געווען?

נאָך מער קשה איז געווען די זאַך ווען מ׳באַרעכנט אַז דער רבי מיידט אויס צו געבן אינטערוויוס צו די צייטונגען ניט מחמת עפּעס אַ קאַפּריז, נאָר מחמת „הייליגן פּרינציפּ״: ביי אים זיינען די אידישע צייטונגען, וואָס דינען מדינת ישראל, אַ טריפה זאַך, צו וועלכער מ׳טאָר זיך ניט צורירן. ער אַגיטירט צווישן זיינע חסידים אָהן אויפהער זיי זאָלן ניט לייענען די „פרייע ציוניסטישע פּרעסע״. און דאָ פלוצלינג גיט דער רבי אַן אינטערוויו אַ אידישער צייטונג.

מוז דאָ אַוודאי האָבן געווען אַ גוטע און רעכטע סיבה. וואָס אַזוינס?

ניט זייענדיג קיין „פּאַרטרויטער״ מענש ביים סאַטמאַרער רבי׳ן, האָב איך עס, פאַרשטייט זיך, ניט געקענט וויסן פון ערשטן מקור. אויך בין איך ניט קיין יודע מחשבות און קיין בוחן לבבות. איז געבליבן נאָר איין וועג: אַריינקוקן אין דעם שמועס גופא, ווי ער איז געדרוקט אין דער צייטונג, און פון דאָרטן פּרואוון אַרויסלערנען פּשט, רמז, דרש און סוד.

וועגן וואָס האָט דער חשוב'ער שרייבער אויסגעקליבן צו ריידן מיט'ן סאַטמאַרער? פאַרשטייט זיך, וועגן מדינת ישראל. דערביי האָט מר. נירענבערגער אַרויסגעוויזן זשורנאַליסטישע מידות און מעלות וואָס טוען אָן כבוד דער גאַנצער זשורנאַליסטישער פּראָפעסיע: כאָטש אַליין אַלע יאָר אַ פאַרברענטער ציוניסט־רעוויזיאָניסט, האָט ער דאָך איבער־געגעבן די רייד און מיינונגען פון דעם רבי'ן מיט גרויס אָביעקטיווקייט און אומפּאַרטייאישקייט. נאָר קיינע נייע זאַכן האָט ער פון דעם רבי'ן דאָ ניט געהערט. דער רבי האָט איבערגעזאָגט געדאַנקען וואָס מ'האָט שוין אַ סך מאָל פון אים געהערט. אַלץ, פאַרשטייט זיך, געגן מדינת ישראל.

איז דאָ דער חידוש נאָך גרעסער געוואָרן און די רעטעניש נאָך טיפער: צוליב דעם אַליין, כדי איבערצוזאָגן עטלעכע אַלטע פראַזן, איז ביים רבי'ן רעכט געווען צו ברעכן זיין „דין" און זיין מנהג וואָס איז נאָך שטאַרקער פון דין? משמעות אַז ניט. וואָס־זשע פאָרט האָט געקענט זיין די סיבה?

אויב ניט אין די אַלטע שטעלונגען, האָט מען געדאַרפט זוכן אין דעם אינטערוויו, צי איז ניטאָ דאָרט עפּעס אַ נייער צוג פון דעם רבי'ן. און ווירקלעך, דאָרט איז געווען ניט נאָר עפּעס נייעס, נאָר עפּעס נייעס וואָס איז ביז'ן העכסטן גראַד אינטערעסאַנט און וויכטיג. כאָטש דאָס נייע איז דאָרט דווקא אַרויסגעזאָגט געוואָרן כמעט ווי כלאחר יד.... און אָט איז ווי דאָס איז דאָרט פאַרצייכנט געוואָרן:

„דערביי — שרייבט מר. נירענבערגער — האָט דער סאַטמאַרער רבי געלייקנט קאַטעגאָריש די אַלע ידיעות אין געוויסע צייטונגען, אַז זיינע חסידים טעראָריזירן זייערע געגנער דורכ'ן טעלעפאָן און דורך אַנדערע אומאַנשטענדיגע מיטלען. די היינטיגע רעגירער אין ישראל, זאָגט דער רבי, זיינען מייסטער אויפ'ן געביט צו פאַרשפּרייטן פאַלשע קלאַנגען וועגן זייערע געגנער. די פרומע געגנער זייערע זיינען ניט די איינציגע וועגן וועלכן זיי פאַרשפּרייטן לשון הרע"....

אָט דאָ איז געלעגן די גרויסע נייעס, און דאָ האָט געשטעקט די סיבה פאַרוואָס דער רבי האָט אַוועקגעוואָרפן זיין „עניוות" און האָט באַוויליגט צו געבן אַן אינטערוויו צו אַ צייטונג: ער האָט געוואָלט מאַכן אַ דער־קלערונג וועגן די טעראָריסטישע מעשים פון זיינע חסידים, וועגן וועלכע אַ האַלבע וועלט שרייט גוואַלד....

און וואָס האָט דער רבי געזאָגט? ער האָט געזאָגט, ס'איז ניט קיין וואַלד און ניט קיין בערן! אַ קו איז געפלויגן איבער'ן דאַך. זיינע חסידים, כשר'ע לעמעלעך, זיי טשעפּן ניט קיין פליג אויף דער וואַנט.

מ׳האָט נאָר אויסגעטראַכט אַ בלבול אויף זיי, נעבעך. און ווער האָט געטאָן דידאָזיגע נבלה בישראל? די „באַוואוסטע״ בלבול־מאַכער, די „רעגירער פון ישראל״.

און אַזוי איז געקומען דער רבי און האָט געמאַכט אַ האַלבע וועלט פאַר ליגנער: אַ ליגנער איז חיים ליבערמאַן, אַ ליגנער איז הרב אהרן ב. שוריק, אַ ליגנער איז הרב מרדכי קירשבלום, אַ ליגנער איז דר. הלל זיידמאַן, אַ ליגנער איז דער ישראל קאָנסולאַט, וואו איינער פון אירע העכסטע באַאַמטע האָט געמוזט בייטן זיין היים־טעלעפאָן אויף אַ פאַר־באָרגענער נומער, אַזוי ווייט האָט מען אים געפייניגט מיט טעלעפאָנישע קללות און חרמות. אַ סך זיינען די, וואָס זיינען אַנטרונען אין פריוואַטע, באַהאַלטענע טעלעפאָן־נומערן צוליב אָט־די אַריינדרינגער און רו־שטערער....

ווען איך האָב געלייענט די דערקלערונג פון דעם רבי׳ן, בין איך מודה, האָב איך זיך שטאַרק פאַרשעמט. ניט, חלילה, וועגן זיך אַליין, וואָס איך בין געמאַכט געוואָרן פאַר אַ ליגנער, אָדער וועגן די אַנדערע מענטשן, וועמעס נעמען איך האָב דאָ דערמאָנט; איך בין געווען זיכער אַז עולם וועט וויסן וואָס און וועמען צו גלויבן.... פאַרשעמט האָב איך זיך וועגן דעם רבי׳נס חסידים אַליין, די „טעלעפאָניסטן״: וואָס וועלן זיי טראַכטן וועגן די הייליגע רייד פון דעם הייליגן מויל פון דעם הייליגן צדיק? איבערהויפּט האָב איך זיך פאַרשעמט וועגן יענעם „טעלעפאָניסט״ וואָס האָט איינמאָל, קורץ נאָך סוכות, אָפּגערופן און געזאָגט: איך בין מודה אַז איך האָב אַייך טעלעפאָנירט און האָב אַייך געשאָלטן, און ערב יום כיפּור האָב איך אַייך טעלעפאָנירט צו בעטן ביי אַייך מחילה, נאָר ס׳איז קיין ענטפער ניט געווען, קלינג איך אַייך איצט....

און דערדאָזיגער איד איז אַ ראש ישיבה, און ער האָט אונז, מיר און מיין ווייב, געגעבן זיין נאָמען, און אפילו זיין אַדרעס: וואָס האָט ער געטראַכט ווען ער האָט געלייענט פון דעם רבי׳ן אַז ער האָט ניט געקלונגען און ניט געשאָלטן?

איך בין דאָ אין אַ בעסערער לאַגע ווי דידאָזיגע חסידים. איך, אַז איך וויל, קען איך זאָגן פשוט: דער רבי ווייסט ניט. אָבער די חסידים קענען דאָך אַזוי ניט זאָגן; וואָס הייסט, דער רבי וויס ניט? און וואו איז רוח הקודש?

איין סאַטמאַרער חסיד האָט אַ צייט געפירט מיט מיר טעלעפאָנישע פאַרהאַנדלונגען איך זאָל גיין זען דעם רבי׳ן. ווען איך וועל נאָר זען דעם רבי׳ן, האָט ער געהאַלטן, און וועל אים הערן רעדן, וועל איך

געוויס תשובה טאָן אויף אַלץ וואָס איך האָב געשריבן און וועל פאַר־ברענען דאָס ביכעלע („דער רבי און דער שטן"), וואָס איך האָב אַרויס־געגעבן.

פרעג איך דעם חסיד־טעלעפאָניסט: צי וועט דען דער רבי מיך וועלן אויפנעמען, אַזאַ פאַרזינדיגטן געגן אים?

ענטפערט ער מיר: גייט אינקאָגניטאָ, אונטער אַ פאַרשטעלטן נאָמען, הייסט עס.

אונטער אַ פאַרשטעלטן נאָמען פאַר'ן רבי'ן? — האָט איך געפרעגט מיט איבערראַשטן אָנשטעל — פאַר'ן רבי'ן זיינען דען דאָ סודות?

און דער חסיד איז נעבעך געבליבן געפּלעפט.

איז דאָ אַ שטאַרקער חשד, הייסט עס, אַז די סאַטמאַרער חסידים גלויבן ניט אַזוי שטאַרק אין זייער רבי'נס רוח הקודש. אָבער איך גלויב דווקא יע, און איך בין זיכער אַז ער ווייסט זייער גוט אַלע מעשים און אַלע מחשבות פון זיינע חסידים אין וויליאַמסבורג, ברוקלין, און אין ניו יאָרק. וואָס איך בין ניט זיכער איז, צי זיין רוח הקודש דערלאַנגט אַזוי ווייט ווי שיקאַגאָ. דעריבער ברענג איך צו זיין אויפמערקזאַמקייט — האָב איך דעמאָלט געשריבן — אַ זאַך וואָס איז געשען מיט זיינע לייט אין יענער ווינטיגער שטאָט.

אין שיקאַגאָ לעבט זינט נאָך דער מלחמה אַ איד מיט'ן נאָמען פּ. אַלווין. ער איז אַ פּליט. ער האָט איבערגעטראָגן פינף יאָר היטלער'ס קאָנצענטראַציע־לאַגערן, האָט פאַרלאָרן זיי גאַנצע משפחה, ווייב און קינדער, אין די קאַלכאויוונס, און ס'איז אים געבליבן נאָר אַן איינציגער זון. דער זון לעבט אין ישראל. איך קען ניט דעם מר. אַלווין פון שיקאַגאָ פּערזענליך, אָבער מיר שרייבן זיך דורך פון צייט צו צייט. איין טאָג האָב איך דערהאַלטן פון אים אַ בריוו, דאַטירט דעם 19טן אָקטאָ־בער, 1958, אַ בריוו וואָס האָט דערציילט עפּעס וועגן דעם רבי'נס צאן קדשים אין שיקאַגאָ. און אָט וואָס מר. אַלווין האָט געשריבן צווישן אַנדרעס:

„איר שרייבט מיר אין אייער בריוו אַז יעדערער דאַרף פירן פּראָ־פּאַגאַנדאַ (פאַר ישראל). דאָס טו איך שוין פון לאַנג.... איך פיר אַפילו אַ קאָרעספּאָנדענץ מיט די לייט פון „קאַונסיל" (פאַר דזשודאַאיזם).... איך פיר אויך אַ קאַמף מיט דער סאַטמאַרער חברה, אמת אין שיקאַגאָ זיינען זיי ווייניג פאַראַן. לעצטע וואָך האָט פּאַסירט אַ פאַל מיט מיר און זיי, וואָס האָט זיך געקענט ענדיגן זייער שלעכט. איך האָב זיך געטראָפן מיט דריי ישיבה בחורים זייערע: מישטיינס געזאָגט, ישיבה בחורים: מעסער־שטעכער וואָלט איך זיי גערופן. זיי האָבן געגאָסן

פעך און שוועבל אויף ישראל. איז ווי האָב איך עס געקענט הערן, אַז מיין איינציגער זון איז געוועזן אויף די פראָנטן אין ישראל איןביידע מלחמות מיט די אַראַבער? האָב איך אויף זייער רבי'ן געזאָגט אַ שאַרף וואָרט. דאַן האָט איינער פון זיי אָנגעהויבן זאָגן, אַז באַליידיגן זייער רבי'ן איז דאָסזעלבע וואָס באַליידיגן אַ ספר תורה, און ער האָט מיר אַראָפּגעלאָזט אַ פּאַטש. איך בין אָבער אַ געוועזענער קאַצעטלער, און מיר קאַצעטלער זיינען שוין געוווינט געפּאַטשטע, איצט לאָזן מיר זיך ניט אַזוי שנעל פּאַטשן פאַר גאָרניט, און כאָטש איך בין צוויי מאָל עלטער פון אים האָב איך אים אַ נעם געטאָן פאַר'ן האַלז ווי אין פּסוק שטייט, און נאָך איין מינוט וואָלט ער ביי מיר שוין געוועזן אַ קדוש, ווען מען רייסט מיך ניט אַוועק פון אים. אָבער איך בין זיכער אַז ער וועט שוין פאַרזאָגן קינדער און קינדס־קינדער מער ניט צו הויבן אַ האַנט אויף אַ אידן"... („פאָרווערטס", נאָוועמבער 19, 1958).

געוויינלעך הער איך פון סאַטמאַרער קרבנות די בקשה איך זאָל ניט אַרויסגעבן זייערע נעמען — אַזוי גרויס איז סאַטמאַרער טעראָר. נאָר אַזוי ווי מר. אַלווין איז אַ געוועזענער קאַצעטלער און קען זיין שטעטל באַשטיין, האָב איך אָנגעגעבן ניט נאָר זיין נאָמען, נאָר אַפילו זיין אַדרעס, און זאָל די וועלט וויסן צי איז עס אַן אמת, אָדער די „רעגירער פון ישראל" האָבן עס אויסגעטראַכט.

„הפּנים" ס'איז געוועזן אמת, וואָרים איך האָב דערנאָך דערהאַלטן נאָך אַ בריוו פון מר. אַלווין, וואָס האָט דערציילט אַ רעכטע שטיק קאָמיזם פון דער גאַנצער געשיכטע. דער בריוו לייענט זיך אַזוי:

„ווען איר האָט וועגן מיר געשריבן אין אַייער קאָלום און אָנגעגעבן מיין אַדרעס, אין צוזאַמענהאַנג מיט די סאַטמאַרער חברה, האָט איר מיר קיין טובה ניט געטאָן. נאָכ'ן אַדרעס נאָך האָבן זיי אויסגעפונען מיין טעלעפאָן נומער און מען האָט מיר אָנגעפאַנגען טעלעפאָנירן אויפ'ן נוסח ניו יאָרק. אמת, אין שיקאַגאָ זיינען זיי ניטאָ געוווינט אויף צו מאַכן דעמאָנסטראַציעס, אָבער איבערגעוווינט אויף צו פאַרמאַטערן אַ מענטשן. איז ווען איך טרעף זיך פּנים אל פּנים מיט אַזאַ איינעם, ווייס איך וואָס צו טאָן, אָבער וואָס קען איך טאָן יענעם דורכ'ן טעלעפאָן? נאָר דאָ איז מיר איינגעפאַלן אַ געדאַנק, און וואונדער איבער וואונדער, ס'האָט געהאָלפן! ממש מן השמים האָט מען מיר אַריינגעגעבן די מחשבה.

„אַז איך האָב געקראָגן די ערשטע עטלעכע טעלעפאָנען און האָב זיך באַקענט מיט זייער נוסח ריידן, פלעג איך שוין נעמען דעם רעסי־ווער אין האַנט און איידער יענער האָט נאָר געקענט אויסריידן אַ וואָרט האָב איך אים געזאָגט:

„יע, איך ווייס אַלץ, איך זאָל דראַפּן דעד (פאַלן טויט), איך בין אַ חצוף בן חצוף, א רשע בן רשע, איך בין ניט ווערט וואָס די ערד טראָגט מיך, איך בין היים ליבערמאַנ׳ס משרת, דער גיהנום איז פאַר מיר קאַרג, איך זאָל אַיינגעמען אַ מיתה משונה.... נו, איר האָט נאָך עפּעס צוצוגעבן, איז גיכער, איך האָב ניט קיין צייט".... און איך פלעג הערן ווי יענער האָט פאַרקלאַפּט דעם טעלעפאָן. אַזוי האָט זיך עס איבערגע־חזר׳ט עטלעכע מאָל און ס׳האָט אויפגעהערט, אַזוי זיי וואָלטן אויסגע־שטאָרבן".... עד כאן פ. אלווין.

מערקווירדיג, אַפילו די קללות זיינען דיזעלבע וואָס אין ניו יאָרק: ניט אַנדערש, אַלץ גייט פון איין צענטער.

נאָר צוריק צום רבין און זיין אינטערוויו.

אין יענער צייט, ווען דעם סאַטמאַרער׳ס „טעלעפאָן־בריגאַדע" האָט געשטורמט מיין „פעסטונג" טאָג און נאַכט, אין דער היים און אין רעדאַקציע, מיט טעלעפאָנען און קללות, האָט מען פאַרלאַנגט פון דעם רבי׳ן ער זאָל אַרויסלאָזן אַ וואָרט צו זיינע חסידים זיי זאָלן אָפּשטעלן זייער טעראָר. אַזאַ וואָרט איז דעמאָלט פון אים ניט געהערט געוואָרן. דאַן, זייענדיג אין קענעדע, און גאָרניט געבעטענערהייט, האָט דער רבי אַרויסגעגעבן אַ דערקלערונג וועגן דעם. און נאַטירלעך, האָט ער געלייקנט אַז זיינע לייט האָבן ווען עס איז ערגעצוואו געטשעפּעט אַ פליג אויף אַ וואַנט.

וואָס־זשע איז געשען וואָס האָט סוף־כל־סוף באַוואויגן דעם רבי׳ן צום „היסטאָרישן" שריט?

גאָר אַ סך איז געשען צו לערנען סאַטמאַר אַביסל דרך ארץ. צו לערנען זיי, אַז אַמעריקע איז ניט אונגאַרן אָדער רומעניע, און אַז אַמעריקאַנער אידן זיינען אַביסל אַנדערש ווי די אידן פון סיגעט און מאַרמאַרעש און וועלן ניט לאָזן פאַרוואַנדלען זייער לעבן אין אַ דזשאָנגל.

אין אַ שיינעם פרימאָרגן, זאָגט מען, האָט דער רבי דערהאַלטן אַ שליחות פון דיסטריקט אַטוירני: היות אַזוי און אַזוי, זאָל ער וויסן אַז אין אַמעריקע איז אַ מענשנ׳ס הויז — זיין שלאָס, און קיינער טאָר ניט שטערן די רו און דעם פרידן פון אַ היים....

און ס׳איז דאָ אַ יש אומרים, אַז אויך די עף־בי־אַי האָט געוואָרפן אַן אויג אויף וויליאַמסבורג, היות די סאַטמאַרער באַנוצן זיך מיט דער פּאָסט פאַר זייערע טעראָר־מעשים. די פּאָסט איז אַ פעדעראַלער ענין.

און עס זיינען געשען נאָך צוויי וויכטיגע זאַכן, וואָס האָבן דאָ שטאַרק משפיע געווען. איין זאַך איז ממש אַ „געניאַלער" איינפאַל: ס׳איז אידן

אַיינגעפאַלן, אַז דער רבי האָט דאָך אויך אַ טעלעפאָן און די גרויסע העכט צווישן זיינע חסידים האָבן אויך טעלעפאָנען, און ווי שטייט אין פסוק, אַן אויג פאַר אַן אויג און אַ צאָן פאַר אַ צאָן — איז אויך געוואָרן אַ טעלעפאָן פאַר אַ טעלעפאָן....

זאָל דער עולם ניט מיינען, אַז די סאַטמאַרער באַנוצן זייערע טעלע־פאָן־טאָרטורן נאָר אין אויסנעמלעכע פאַלן, אויף „גרויסע" געגנער. ניין, דאָס איז ביי זיי אַ טעכניק פון שטענדיגן קאַמף, מיט קליין ווי מיט גרויס. מיט זייער טעלעפאָן־אינקוויזיציע ווען זיי אַרויסטרייבן אַ אידן פון אַ ביזנעס וואָס זיי ווילן אָפּ׳ירש׳ענען, אַ בעקער פון זיין בעקעריי, אַ שוחט פון זיין שלאַכטהויז, אַ רב פון זיין רבנות. און די אייגענע טאַקטיק ווענדן זיי אָן ווען זיי ווילן איבערנעמען אַ גאַנצן קוואַרטאַל. ווי אַזוי דרינגט מען אַריין אין אַ נייעם קוואַרטאַל ווען, צוליב דעם קריזיס אין דירות, זיצן מענשן פעסט אויף די ערטער? סאַטמאַר האָט דערטראַכט אַ ווירקזאַמע מעטאָדע: מ׳הויבט אָן דאָקוטשען אַ מענשן, דער עיקר דורכ׳ן טעלעפאָן, אַזוי לאַנג און אַזוי ברייט ביז ער אַנטלויפט. דעמאָלט כאַפּט זיך סאַטמאַר אַריין אויפ׳ן ליידיג־געוואָרענעם אָרט. מיט דער טעלעפאָן־אינקוויזיציע האָבן זיי האַלב וויליאַמסבורג פאַרטריבן און זיך באַזעצט אין די הייזער.

ביז איין איד איז געפאַלן אויף דער המצאה, צו שלאָגן זיינע פייניגער מיט זייער אייגן מיטל. ער האָט גענומען זייער אייגענע מלחמה־טעכניק און אָנגעווענדט אויף זיי אַליין. און באַלד האָט זיך עס פאַרשפּרייט. עולם בכלל ווייס ניט וואָס פאַר אַ מאָדנע מלחמה עס גייט אָ ביי אידן, פון סאַטמאַר און מיט סאַטמאַר, אַ מלחמה וואו די קאַנאָנען זיינען טעלעפאָנען, און די באָמבעס זיינען קללות און חרמות.

איין „גענעראַל" פון דעם קאָנטער־קריג האָט מיר באַוויזן ווי טויטלעך אַזאַ מלחמה קען זיין. ביי די סאַטמאַרער, האָט ער מיר געזאָגט, איז דאָ אַ סיסטעם פון קליבן אַלטע קליידער. די קליידער ווערן פאַרקויפט און דאָס געלט גייט אויף ישיבות אָדער אַנדערע אינסטיטוציעס.

„האָב איך זיך געמאַכט אַ געשעפט — האָט ער מיר געזאָגט — אָפּצורופן אין דער סטאַנציע און געבן אַדרעסן מ׳זאָל קומען נאָך קליידער, נאָר די אַדרעסן זיינען געווען אויפ׳ן הימל אַ יאַריד.... פון ברוקלין אַזש ביז וואַשינגטאָן הייטס האָבן זיי ביי מיר געטריבן זייער טראָק אומזיסט"! — האָט ער געזאָגט מיט נצחון.

איך האָב געהערט, און האָב אין האַרצן שטיל געוויינט אויף דער־דאָזיגער געפאַלנקייט אין אידישן לעבן, וואָס סאַטמאַר האָט גורם געווען....

נאָר די זאַך וואָס האָט צום שטאַרקסטן געווירקט און האָט ממש אַ טרייסל געטאָן די מלוכה פון סאַטמאַר, איז געווען דער ווידערשטאַנד וואָס אידן האָבן אָנגעהויבן געבן צו די משולחים פון סאַטמאַר: נאָך זייער טרויעריגן מאַרש אין וואַשינגטאָן געגן מדינת ישראל, זייערע בלבולים אין דער ענגלישער פרעסע און אין צירקולאַרן אין די גאַסן געגן דער אידישער מדינה, האָבן אידן אויפ׳ן שוועל מער ניט געוואָלט אַרויפלאָזן אַ סאַטמאַרער פאַרטרעטער. פון אַ סך שטעט און שטעטלעך האָט מען זיי פשוט פאַרטריבן. מען האָט אויך אויפגעהערט צו ענטפערן אויף זייערע בריוו מיט אַפילו נאָך שטיצע, ווי מיר האָבן עס געזען אין אַ פריערדיגן קאַפּיטל.

אָט דאָס איז די סיבה, אָדער סיבות וואָס דער סאַטמאַרער רבי האָט ענדלעך זיך אָפּגערופן אויף די וועלטלישע מעשים פון זיינע צאן קדשים. נאָר קיין פייגעלעך אין בוזים טאָר מען זיך ניט לייגן. סאַטמאַרער עזות איז אפשר אַביסל געבראָכן געוואָרן, און זייער חוצפּה געצאַמט, אָבער ניט זייער טבע און ניט זייער אַמביציע. און זייער אַמביציע איז ניט וויניגער ווי צו ווערן די בעלי בתים איבער׳ן אידישן לעבן אין אַמעריקע. און כדי דאָס צו דערגרייכן זיינען זיי עלול אַלץ חרוב צו מאַכן, און די תורה אַליין צו צערייסן.

ווען מ׳זאָגט אַ קרום וואָרט אויף זייער רבי׳ן שרייען די סאַטמאַרער, אַז מען באַליידיגט די הייליגע תורה אַליין. אָבער זעט ווי זיי רעדן וועגן רבנים, וועגן אַלע רבנים אין אַמעריקע אין איין מויל („דער איד״, פּ׳ תולדות, 14טן נאָוועמבער, 1958):

„און אויב מיר וועלן זוכה זיין, וועלן די רבנ׳ישע אָרגאַניזאַציעס פון מאכילי טריפה און אַלטע ליידיג גייער״ — דאָס מיינט מען די דריי אָרגאַניזאַציעס פון אָרטאָדאָקסישע רבנים אין אַמעריקע, די אגודת הרבנים, די הסתדרות הרבנים און די איגוד הרבנים, וועלכע האָבן צענדליגער יאָרן געאַרבייט צו דערהאַלטן דעם ביסל אידישקייט אין אַמעריקע; זיי, אַ סך פון זיי גאונים און גדולי תורה, זיי ווערן אָנגערופן „מאכילי טריפה און ליידיג גייער״! דער ציל איז דאָ: מ׳וויל צעשטערן די איצטיגע השגחה איבער כשרות און אַליין ווערן די בעלי בתים איבער כשרות אין אַמעריקע...

סאַטמאַר וויל אויך אונטערברענגען אַלע ישיבות צוליב דער אייגענער ישיבה.

גייט דער רבי אין גאַס און עס קומט אָן אַ אינגעלע אים אַנטקעגן. אויפ׳ן אויסזען אַ פרום קינד. שטעלט אים דער רבי אָפּ און פרעגט

אים: אינגעלע, וואו לערנסטו? „אין תורה ודעת", ענטפערט דאָס אינגעלע.

„ביסטו דאָך אַ גוי", זאָגט אים דער רבי....

דער רבי ציט אַ שאַרפע ליניע צווישן זיין ישיבה און אַנדערע ישיבות. זיין ישיבה, זאָגט ער, איז אברהם אבינו'ס ישיבה, אַלע אַנדערע ישיבות זיינען אליעזר'ס, אברהמ'ס קנעכט'ס ישיבות. פאַרוואָס האָט אברהם אבינו געהאַט אַ באַזונדערע ישיבה און אליעזר אַ באַזונדערע? דער־קלערט דער רבי: ווייל „אין ארור מתדבק בברוך", ברכה און קללה קענען ניט זיין באַהאָפטן.

סאַטמאַרער ישיבה, הייסט עס, איז אַ ברכה; אַלע אַנדערע ישיבות זיינען אַ קללה.

אָט אַזוי דעמאָראַליזירט מען די אידישע גאַס....

מען דעמאָראַליזירט די אידישע גאַס אין אַמעריקע און אין ארץ ישראל.

דער רבי זיצט אין וויליאַמסבורג און זינדיגט אין ירושלים.

ער פאַר'מיאוס'ט די מדינה, ער אסר'ט די ישראל באָנדס, ער פסל'ט דעם פאַראייניגטן אידישן אַפּיל. ער גראָבט אונטער די פונדאַמענטן פון אידישן אויפבוי און אידישן קיום.

כאָטש ער אַליין טוט אין בויען אין ארץ ישראל. ער בויט ישיבות, ער בויט שיכונים. זאָלן זיי זיין געבענטשט, זיך פרוכפערן און מערן.

אָבער וואָס קומט אַרויס? ער בויט מיט איין האַנט און צעשטערט מיט ביידע....

# צוויי קללות

חסידים זינגען, חסידים טאַנצן, דאָס ווייסן אַלע. ווען ניט דאָס געזאַנג און ניט דער טאַנץ, ווער ווייס צי דאָס חסידות, ווען ס׳איז געקומען אויף דער וועלט, וואָלט מיט אַזאַ פייער געוועזן אָנגעצונדען דאָס אידישע האַרץ אומעטום, האַלטנדיג עס וואַרים און פריש ביז היינטיגן טאָג.

נאָר „נייע צייטן, נייע לידער״, זאָגט די וועלט אַ שפּריכוואָרט. אַ שפּאָגל ניי געזאַנג האָט זיך דערהערט אין חסידות, וואָס זיינס גלייכן איז קיינמאָל ניט געהערט געוואָרן. דעם נייעם צושטייער צו חסיד׳ישער נגינה האָט געבראַכט סאַטמאַר. סאַטמאַר אין וויליאַמסבורג. „לכבוד״ מדינת ישראל. איר קענט עס הערן אין יעדער קאַוויאַרניע און יעדער פּרעסאַרניע אין וויליאַמסבורג, אומעטום וואו סאַטמאַרער חסידים קומען עסן אויפ׳ן מזבח פון ג־ט.

ווען סאַטמאַרער חסידים, היינטיגע צייטן, האָבן זיך אָנגעגעסן און אָנגעטרונקען און ס׳ווערט זיי פריילִיך אויפ׳ן האַרצן, הויבט מען זיך אויף פון די טישן, מ׳לייגט האַנט צו פּלייצע און האַנט צו גאַרטל און מ׳לאָזט זיך אַוועק אין אַ ריקוד׳ל, און דערביי, מיט פנים׳ער און בערד פאַרוואָרפן צום הימל, זינגט מען אַ זמר און אַ תפילה, אַזוי צו זאָגן (איך ווייס ניט דעם ניגון, איך ווייס אָבער די ווערטער):

תמחה את זכר הציונים מתחת השמים
לשנה הבאה בירושלים.

דאָס מיינט אויף מאַמע־לשון: מעק אָפּ דאָס געדעכעניש פון די ציונים פון אונטער׳ן הימל, איבעראַיאָר אין ירושלים....

און „ציונים״ מיינט ביי זיי שטענדיג מדינת ישראל און אירע פירער.

חסיד׳ישע געזאַנגען פון תמיד אָן זיינען הייליגע פסוקים מיט ברכות אויף אידן; סאַטמאַר איז די ערשטע וואָס האָט מחבר געווען אַ געזאַנג מיט קללות אויף אידן.

אַרום דעם מזבח פון ג־ט שילט מען דאָס פאָלק פון ג־ט.

אין אומצייליגע שולן אין דער גאָרער אידישער וועלט, שבת און יום טוב, מאַכט מען אַ „מי שברך" מדינת ישראל, סאַטמאַר מאַכט איר אַ קללה.

נון, האָבן מיר געלערנט, אַז דער אויבערשטער צאָלט מידה כנגד מידה: געגן דער קללה פון סאַטמאַר, וואו איז די קללה פון ג־ט?

זי איז דאָ. זי ליגט — אויפ'ן וועג צו דער גאולה....

די נטורי קרתא טענה'ן, אַז מדינת ישראל, אַזוי ווי זי איז אַ מרידה געגן די פעלקער, אַזוי איז זי אַ מרידה געגן ג־ט. וואָרים די צווייטע שבועה, וואָס ג־ט האָט באַשוואָרן די אידן איז, זיי זאָלן ניט „דוחק זיין דעם קץ", דאָס הייסט, זיי זאָלן ניט „שטויסן" צום קומען פון משיח'ן....

אַלע זיינען מודה, אַז ס'איז זייער שווער צו זאָגן געגוי וואָס עס מיינט דאָ „שטויסן". אָבער פון אַנדערע מימרא'ס און זאָגעכצן אין דעם ענין ווערט קלאָר, אַז „שטויסן" — ניט; אָבער „העלפן" משיח'ן קומען — דאָס יאָ.

וואָרים וואָס איז די לערע וועגן משיח'ן: משיח דאַרף קומען אָדער מ'דאַרף אים אַראָפּברענגען?

ער דאַרף קומען, אָבער מ'קען אים אַראָפּברענגען, איז דער ענטפער.

וואָרים מיר האָבן געלערנט: ווען אידן זאָלן אָפּהיטן צוויי שבתים ווי געהעריג, ווערן זיי גלייך אויסגעלייזט: הייסט עס, ס'איז ביי אידן אין די הענט....

און מיר האָבן געלערנט: משיח וועט קומען ווען די וועלט וועט זיין אָדער אינגאַנצן זכאי, ריין, אָדער אינגאַנצן חייב, שולדיג: הייסט עס ווידער: ס'איז אין מענשן געווענדט....

און מיר האָבן געלערנט: ה י י נ ט קומט משיח! און אַזוי דערציילט עס די אגודה:

אַ מענש האָט באַגענט אליהו הנביא און אים געפרעגט: ווען קומט משיח? און אליהו הנביא האָט אים געענטפערט: גיי קיין רוים און דאָרט, ביי די טוירן פון דער שטאָט, וועסטו אים געפינען און וועסט אים פרעגן.

איז דער מענש געגאַנגען קיין רוים, און דאָרט ביים טויער פון דער שטאָט, האָט ער געזען ווי משיח זיצט צווישן אַ מחנה בעטלער און האַלט אין איין פאַרבינדן און אָפּבינדן זיינע וואונדן. און ער האָט אים געפרעגט: משיח, ווען קומסטו?

— היינט — האָט משיח געענטפערט. און דער מענש איז אַוועק צו אליהו און געזאָגט: — משיח איז אַ ליגנער, ער האָט געזאָגט

„היינט״ קומט ער, און ער איז ניט געקומען. האָט אליהו געזאָגט צום מענטשן: „היינט — אויב איר וועט צוהערן צו מיין קול״ („היום אם בקולי תשמעו״).

זעען מיר ווידעראַמאָל: עס ווענדט זיך אין אונז. און די חכמים האָבן עס אויסגעדריקט אויף זייער אייביג קורצן, אייביג וואונדערלעכן אופן: „זכו אחישנה, לא זכו בעתה״ (וועלן אידן ווערט זיין, וועט דער אויבערשטער אונטעראַיילן די גאולה; וועלן זיי ניט ווערט זיין, וועט זי קומען אין איר באַשטימטער צייט)....

אין דעם געטלעכן סוד ליגט באַהאַלטן די באַשטימטע צייט ווען משיח דאַרף קומען: אָבער עס ליגט אין דעם רשות פון אידן מקצר צו זיין די צייט, שניידן זי אויף קורץ, מאַכן זי אַפילו אַזוי פרי און באַלד ווי היינט.

אַנטפּלעקט זיך דאָ פאַר אונז גאָר אַ נייער, גאָר אַ פאַנטאַסטישער אויסבליק!

וואָרים מיר האָבן געלערנט, אַז ניט די אידן אַליין זיינען אין גלות. ווען די אידן זיינען אין גלות, איז די שכינה אויך מיט זיי אין גלות.

דעריבער, ווען די אידן זיינען מקצר דעם גלות פאַר זיך, זיינען זיי מקצר דעם גלות אויך פאַר דער שכינה, פאַר ג־ט!

און אַזוי איז דאָ אַ בונד צווישן ג־ט און די אידן: ניט נאָר ער לייזט זיי אויס, נאָר זיי לייזן אים אויך אויס. ווי רבי עקיבא האָט געזאָגט אויף דער גאולה פון מצרים: „את עצמך פדית״, דו האָסט זיך אַליין אויסגעלייזט....

וואָס זשע פאַראַ הייליגער זכות דאָס איז, וואָס פאַראַ געהויבענע מצווה צו זאָגן: קומט, לאָמיר אַיילן די גאולה, וואָרים די שכינה גאַרט אויסגעלייזט צו ווערן!

קומט, אידן, אַרויסנעמען דעם אויבערשטן פון גלות!

מער ווי זיך אַליין אויסלייזן, דאַרפן מיר וועלן די שכינה אויסלייזן!

די „פאַרשאָלטענע ציונים״ ווילן, און מיהען זיך וועגן דעם. סאַטמאַר ניט.

ס׳איז דאָ נאָך אַ מורא׳דיגער געדאַנק, וואָס מיט זיין גאַנצער גוואַלדי־קייט ליגט ער גאַנץ אויבנאויף אויף די אָפענע בלעטער פון אונזערע הייליגע ספרים:

דער אויבערשטער דאַרף אונזער הילף....

דער נביא ישעיה זאָגט (מג): „און איר זייט מיינע עדות, זאָגט השם, און איך בין ג־ט״ („ואתם עדי נאום השם ואני א־ל״). קומט רבי שמעון בר יוחאי און מאַכט דערויף אַזוי:

„ווען איר זייט מיינע עדות בין איך ג־ט, און ווען איר זייט ניט מיינע עדות בין איך ניט ג־ט" („כשאתם עדי אני א־ל וכשאין אתם עדי אין אני א־ל").

ג־ט און די אידן דאַרפן איינע די אַנדערע. די אידן זיינען אָפּהענגיג אין ג־ט, און ג־ט איז אָפּהענגיג אין די אידן. „תנו עוז לשם", זאָגט דער בעל התהילים (סח, לה), גיט שטאַרקייט צו ג־ט, און באַלד אויפ'ן אָרט ווערט דאָרט געזאָגט: „הוא נותן עוז ותעצומות לעם" (סח, לו): ער גיט שטאַרקייט און קרעפטן צום פאָלק.

און ס'איז געזאָגט געוואָרן: „הצדיקים אלקים מתקיים עליהם", דער אויבערשטער האַלט זיך אויף די צדיקים.

ביי דער מעשה מיט די מרגלים, ווען משה איז מתפלל צו ג־ט ער זאָל ניט פאַרטיליגן די אידן און זאָגט „ואתה יגדל נאָ כח השם", און איצט זאָל זיך שטאַרקן דער כח פון ג־ט, קומט צוגיין דער ילקוט שמעוני און זאָגט: כל זמן די צדיקים טוען דעם ווילן פון ג־ט גיבן זיי אים כח און גבורה, און אויב ניט, שוואַכן זיי אָפּ זיינע כוחות.

און ווייטער:

אויפ'ן „צור ילדך תשי" (דברים לב, יח) — און דעם ג־ט וואָס האָט דיך געבאָרן פאַרגעסטו (פאַרלאָזטו) — מאַכט רש"י:

„ווי אונזערע חכמים האָבן גע'דרש'נט: ווען ער קומט אײַך גוטס טאָן דערצערנט איר אים און שוואַכט אָפּ זיין כח אײַך גוטס צו טאָן".

ג־ט רופט מפורש די אידן „להיות ישועתי עד קצה הארץ", צו זיין אים אַ הילף ביז עק וועלט (ישעיה מט, ו) — אידן זיינען גערופן צוצולייגן צו ג־ט'ס גרויסקייט. אידן זיינען מיטשאַפער אין געטליכקייט.

פון אַלע אונזערע הייליגע בלעטער גייט אויף די געטליכע שטים: קום, מיין פאָלק, לאָמיר העלפן איינע די אַנדערע, דו מיר, איך דיר!

נאָר אפשר דעם קלערסטן ביישפיל דערפון געפינען מיר ביי דבורה הנביאה, אין איר גרויסער שירה וואָס זי האָט געזונגען נאָכ'ן גרויסן נצחון איבער סיסרא. ניט אַלע שבטים און ניט אַלע גיבורים פון צווישן די אידן האָבן זיך אָפּגערופן אויף איר העלדישן געשריי צו גיין אין מלחמה געגן דעם שונא. און זי טאַדלט די צוריקגעבליבענע און זי שרייט מיט ביטערקייט:

„לא באו לעזרת השם בגבורים" — זיי זיינען ניט געקומען העלפן ג־ט, העלפן ג־ט מיט זייערע גבורים....

קומט רש"י דאָרט אויפ'ן אָרט און מאַכט: וואָרים דער וואָס העלפט אידן איז ווי ער העלפט דער שכינה....

און רש״י האָט דאָ נאָר גענוצט די מימרא פון רבי שמעון בר יוחאי.

ס'איז אַ הייליגער חוב צו קומען ג־ט צו הילף אויסצולייזן זיין פאָלק פון נויט, רופט די גרויסע נביאה.

געווען באַזונדערס איין שטאָט, אויף וועלכער דבורה הנביאה האָט געצאָרנט פאַר אָפּשטיין פונ'ם פאָלק: מרוז, האָט געהייסן דאָס אָרט, וואָס איז געווען באַרימט מיט זיינע העלדן. און אָט זיינען דבורה'ס רייד אינגאַנצן וועגן יענער פאַרשולדיגטער און פאַרזינדיגטער שטאָט:

„אורו מרוז אמר מלאך השם אורו, ארור יושביה
כי לא באו לעזרת השם בגבורים״....

דאָס איז טייטש: שילט מרוז, האָט געזאָגט אַ מלאך פון ג־ט, שילט! פאַרשאָלטן זאָלן זיין אירע איינוואוינער, וואָרים זיי זיינען ניט געקומען ג־ט צו הילף, ג־ט צו הילף מיט (זייערע) העלדן!

אויף וועמען איז אָנגעפאַסט דידאָזיגע נבואה אין אונזערע טעג? ווער זיינען עס די „העלדן״ אין אונזערע טעג וואָס שטייען אין אַ זייט, און וואַרפן נאָך שטיינער אויפן מאַרש פון פאָלק ישראל און דעם ג־ט פון ישראל צו זייער גאולה? סאַטמאַר!

וואָס זשע וועט טאָן סאַטמאַר יענעם טאָג ווען אידן וועלן נעמען די הייליגע קללה פון דער הייליגער נביאה און וועלן בייטן „מרוז״ אויף סאַטמאַר, און זיי וועלן זאָגן מיט דבורה'ס לשון:

שילט סאַטמאַר, שילט זי! פאַרשאָלטן זאָלן זיין אירע איינוואוינער! וואָרים זיי זיינען ניט געקומען העלפן ג־ט העלפן די אידן, און העלפן די אידן העלפן ג־ט!

און דאָס איז די קללה אַנטקעגן דער קללה פון „תמחה את זכר הציונים״....

אַ קללה פאַר אַ קללה — זה לעומת זה.

און אויף ישראל שלום.

# די האַק אין ווייַנגאָרטן

אַ גאָר באַזונדער קאַפּיטל, אַ קאַפּיטל פון פּראַקטישער שנאה, איז דער קאַפּיטל שמיטה און אתרוגים פון שמיטה־יאָר, אָדער שביעית.

אַז אידן האָבן דערלעבט צו אַ באַנייאונג פון דער שמיטה, איז דאָך קיין גרעסערס און שענערס דערפון זיך גאָרניט פאָרצושטעלן. ס'איז באמת אַן אצבע אלקים און אַ צייכן אויף דער גאולה שלימה. נאָר עס זיינען פאַרבונדן דערמיט אַ גאַנץ בינטל פּראָבלעמען.

יעדער אינגל וואָס האָט געלערנט אין חדר ווייס, אַז אין אַ שמיטה־יאָר טאָר מען ניט באַאַרבייטן די ערד אין ארץ ישראל. מ'טאָר ניט זייען און מ'טאָר ניט שניידן. די פּירות וואָס וואַקסן פון זיך אַליין אין אַ שמיטה־יאָר זיינען הפקר. יעדערער מעג זיי עסן, אָבער מ'טאָר מיט זיי ניט האַנדלען.

די פראַגע פון שמיטה אין דעם היינטיגן אויפגעלעבטן ישוב ארץ ישראל איז אַרויפגעשווימען מיט דער גרינדונג פון די נייע קאָלאָניעס אין די אַכציגער יאָרן פון נייַנצנטן יאָרהונדערט. דאָס פּראָבלעם איז געשטאַנען אַזוי:

אויב די קאָלאָניסטן וועלן היטן שמיטה און ניט באַאַרבייטן דאָס לאַנד אַ גאַנץ יאָר, וועלן זיי גאַנץ און פשוט דאַרפן הונגערן און דער יונגער שפּראָצלינג פון אַ נייעם אויפקום אין ארץ ישראל וועט, חלילה, אומגעבראַכט ווערן. דאָס קינד וועט דערשטיקט ווערן אין די וויקעלעך.

דעמאָלט האָט דער קאָוונער רב, דער גאון ר' יצחק אלחנן, וועלכער איז געווען פאַררעכנט פאַרן גרעסטן פּוסק פון זיין דור, אויפגענומען די פראַגע. נאָך אַ באַראַטונג מיט אַנדערע גאונים פון יענער צייט, האָט ער אַרויסגעגעבן אַ היתר. דער היתר איז געשטעלט געוואָרן אויף'ן זעלבן יסוד וואָס מכירת חמץ: מ'זאָל פאַרקויפן דעם באָדן צו אַ גוי, אַ מוסולמענער, און די אַרבייטער זאָלן זיין אָדער גוים אָדער אָרימע אידן. אַזוי אַרום וועלן די פעלדער און ווייַנגערטנער ניט דאַרפן פּוסטעווען אַ יאָר. די גרויסע רבנים פון ירושלים האָבן אויך מסכים געווען אויף'ן היתר. און אַזוי האָט זיך עס געפירט מיט שמיטה פון דעמאָלט אָן.

ווען ס׳איז געקומען דאָס שמיטה־יאָר פון 1952 לׄמספרם האָט דער הויפט ראַבינאַט פון מדינת ישראל, אין אַיינקלאַנג מיט׳ן היתר פון ר׳ יצחק אלחנן זצ״ל, מתיר געמאַכט צו באַארבייטן די ערד. הרב הראשי יצחק אַייזיק הלוי הרצוג און הרב עוזיאל, די צוויי הויפט רבנים פון ישראל, האָבן אַרויסגעגעבן פאָלגענדן הכשר, דאַטירט י׳ מנחם אב, תשי״ב:

„די אייגענטימער פון אתרוגים־פרדסים אין ישראל האָבן אויס־געפאָלגט די אָנווייזונגען פון דער רבנות הראשית לישראל, וואָס זיינען באַזירט אויפ׳ן יסוד פון דעם היתר פון די אַמאָליגע גאונים, מפקיע צו זיין דעם איסור פון שביעית. און אחינו בני ישראל קענען אָהן שום ספק בענשען אתרוג אויף זיי און מקיים זיין די מצוה״.

און ווייטער איז געזאָגט געוואָרן אין דעם הכשר:

„עס איז ניט נויטיג צו דערקלערן צו אונזערע ברידער אין חוץ לארץ, אַז ס׳איז אַ הייליגער חוב און אַ גרויסע מצוה צו שטעלן העכער די ארץ ישראל אתרוגים איבער די גויאישע, און אויסער דער מצוה פון בענשן לולב וועט מען נאָך דערצו מקיים זיין די מצוה פון ישוב ארץ ישראל השקולה כנגד כל המצוות״.

דאָ זיינען פאַראייניגט געוואָרן מידת הדין און מידת הרחמים, קאָפּ און האַרץ האָבן זיך צוזאַמענגעשמאָלצן לכבוד דעם הייליגן לאַנד און לטובת דעם אידישן פאָלק, און פאַר דער תורה לכבוד ולתפארת.

אָבער געגן דעם אַלעמען, געגן דעם היתר פון די אַלטע גאונים און געגן דעם הכשר פון די היינטיגע, איז געקומען דער סאַטמאַרער רבי און האָט גע׳אסר׳ט די ארץ ישראל׳דיגע אתרוגים מיט׳ן האַרבסטן איסור.

דער אתרוג איז גלייך צו אַ האַרץ, זאָגן די חז״ל. דער אתרוג איז אַ גרויסער קוואל פון פרנסה פאַר ישראל. איז געקומען דער סאַטמאַרער און האָט אַריינגעשטאָכן אַ מעסער אין האַרצן פון ישראל!...

דעם רבי׳נס איסור איז אָפּגעדרוקט געוואָרן אויף אַ בלעטל און דאָס בלעטל האָט פאַרפּלייצט די אידישע גאַס, דעם מאַרק פון אתרוגים. און ס׳איז געוואָרן דאָס וואָס איז דעם סאַטמאַרער שטענדיג אַזוי נאָהנט צום האַרצן, אַ מחלקת, אַ קריג, אַ מלחמה. דאָ האָט ער געקענט שעפּן נחת מיטביידע הענט: אי אַ מחלקת, אי צום שאָדן פון מדינת ישראל.

אין זיין אויפרוף האָט דער רבי דערקלערט, ניט מער און ניט ווייניגער, אַז „די אתרוגים, וועלכע מען האָט געבראַכט היי יאָר פון ישראל, זיינען פּירות שביעית, און עס איז אַ שרעקלעכער און האַרבער איסור צו האַנדלען מיט זיי און זיי צו פאַרקויפן. דעריבער זאָל חלילה

קיין כשר׳ער איד ניט קויפן די אתרוגים, ווייל דער וואָס קויפט זיי איז פאַררעכנט ווי אייגער וואָס לייקנט אין מעשה בראשית און אין עולם הבא; און אויב מ׳טוט עס נאָך בפרהסיא, איז מען פאַררעכנט ווי אַ מחלל שבת בפרהסיא״.

און דער איסור איז געווען ניט נאָר פאַר יענעם יאָר, אַן איינמאָליגער פאַרבאָט, נאָר צו גילטן ווי די הלכה אויף תמיד, אויף אַלע שמיטות אין אַלע וויטערע צייטן. צום אייביגן שאָדן פאַר מדינת ישראל.

איז געוואָרן אַ גרויסער רעש אין דער אידישער וועלט.

אויסער אַלע זאַכן האָט זיך געשטעלט די פראַגע: צי קען אַ יחיד פון היינטיגן דור, ווי גרויס ער זאָל ניט זיין, איבער׳פסק׳ענען די אַמאָליגע באַרימטע גאונים, ווי ר׳ יצחק אלחנן זצ״ל און די אַמאָליגע ירושלים׳ער רבנים? (הרב ב. שורין, „פאָרווערטס״, סעפּטעמבער 30, 1952).

נאָר נישקשה, לא אלמן ישראל! נאָך דאָ ב״ה תורה ביי אידן, און נאָך דאָ גדולי תורה, וואָס האָבן דעם מוט צו קומען צו די זעלבסטווילינגע, די בייזווילינגע און די מוטווילינגע, און מיט כח זיי געבן אַ קלאַפּ אין טיש און אויסרופן: וכן לא יעשה! ניט רעכט אַזוי...

מיר האָבן געזען אַזאַ אַרויסטריט פון הרב יוסף אליהו הענקין אין דעם ענין מדינת ישראל. אין דעם ענין אתרוגים און שמיטה איז אַרויסגעטראָטן אַ צווייטער גאון און שר התורה, ר׳ משה פיינשטיין שליט״א, ראש ישיבת „תפארת ירושלים״ אין ניו יאָרק, אַ גאון וואָס איבער אַ וואָרט פון זיין מויל פלאַטערן גרויס און קליין אין תורה, אַלט און יונג. ער איז אַרויסגעקומען און האָט בטל געמאַכט דעם איסור פון דעם סאַטמאַרער.

אין זיין ספר „אגרות משה״, סימן קפ״ו, באַהאַנדלט ער דעם „ענין אתרוגי שמיטה״, און ער פירט אויס לסוף, וזה לשונו:

„ולכן אין לחוש למה שאסרם גאון אחד ליקחם ולצאת בהם, ומה שהפריז אותו גאון עוד לומר שהמוכר וקונה אותם הוא ככופר במעשה בראשית ואם בפרהסיא הוא כמחלל שבת בפרהסיא שהוא כמומר וחשוד על כל התורה, הוא טעות בדבר משנה בכורות דף ל׳ החשוד על השביעית א״ח על המעשרות, וגם בשבת גופה הוא רק בחשוד על לא תעשה ולא על עשה ואיסור סחורה הוא רק עשה, ובגיטין דף נ״ד איתא נחשדו ישראל על השביעית, אף לעבוד, ומ״מ ודאי לא היו חשודין על כל התורה״.

דער ספר איז דערשינען אין תשי״ט, גראָד צום נעכסטן שמיטה־יאָר, ווען די פראַגע פון די ארץ־ישראל׳דיגע אתרוגים איז ווידער געוואָרן אַקטועל.

ניט נאָר צעוואַרפט ר׳ משה פיינשטיין דעם סאַטמאַרער׳ס פסק הלכה, נאָר ער ווייזט אָן אַז ער האָט פשוט טועה געווען אין אַ משנה....

אונזערע חכמים, וואָס האָבן אײביג געצירט ארץ ישראל ווי מ׳צירט אַ כלה צו דער חופה, האָבן מיט באַזונדערער ליבשאַפט גערעדט אין דעם שבח פון אירע פירות. „די פירות פון ארץ ישראל עסן זיך גרינגער ווי די פירות פון אַלע לענדער״, האָבן זיי געזאָגט, און „ארץ ישראל׳דיגע פירות צייטיגן גרינגער ווי פון אַלע לענדער״.

יעדן טאָג, דריי מאָל אַ טאָג אין שמונה עשרה, זיינען אידן מתפלל: בענטש אונז, ג־ט, דאָס היינטיקע יאָר וכל מיני תבואתה, און אירע תבואות אַלערליי....

פסח טוען אידן אין דער גאָרער וועלט מתפלל זיין אויף טוי פאַר ארץ ישראל, מ׳זאָגט תפלת טל, כדי דאָס הייליגע לאַנד זאָל אַרויסגעבן פירות „לגאון ולתפארת״, צו שטאָלץ און צו פראַכט.

און אין דער בליהונג פון די בוימער פון ארץ ישראל און אין דער גערעטעניש פון די פירות אויף זייערע צווייגן, האָט יחזקאל הנביא געגעבן אַ קלאָרן סימן אויף דער גאולה. „אמר ר׳ אבא״, (סנהדרין צח), „אין לך קץ מגולה מזה״, ניטאָ קיין מער דייטליכער (סימן פון) משיח׳ס צייטן ווי דאַן ווען ארץ ישראל וועט געבן אירע פירות מיט אַ גוט אויג, ווי אין פסוק שטייט: „און איר, בערג פון ישראל, וועט געבן אייער צווייג און איר וועט טראָגן אייער פרוכט פאַר מיין פאָלק ישראל, ווייל זיי זיינען שוין גאָר נאָענט צוגעקומען״ (יחזקאל לו, ח).

און איז ניט געזאָגט געוואָרן, אַז דאָס פלאַנצן טאָר ניט איבערגעריסן ווערן אפילו צוליב משיח׳ן? אַז פלאַנצן איז בילכער ווי לויפן משיח׳ן אַנטקעגן?

„אויב דו האַלטסט אינמיטן פלאַנצן — האָבן געזאָגט די חז״ל — און מ׳קומט און מ׳זאָגט דיר אָן אַז משיח איז געקומען, ענדיג פריער דאָס פלאַנצן און דערנאָך גיי אַרויס מקבל פנים זיין משיח׳ן״.

אַקערן, זייען און פלאַנצן איז אַ פאָרשפּיל צו דער גאולה. ס׳איז אַ טייל פון ביאת המשיח. און משיח׳ן אַנטקעגן האָבן שוין אידן פאַרוואַנדלט דאָס וויסטע לאַנד אין אַן אמת׳ן ווייַנגאָרטן.

און די בערג פון ישראל ב״ה פלייצן שוין היינט מיט פירות געכאָוועט מיט אידישע הענט, און די טאָלן אויך....

און דער אתרוג איז דער קעניג פון די פירות. „פרי עץ הדר״.

ישעיה הנביא האָט געזאָגט:

„איך וועל זינגען פאַר מיין פריינט, דאָס געזאַנג פון מיין פריינט צו זיין וויינגאָרטן״ — אַ וויינגאָרטן איז ארץ ישראל, און דער איד איז דער וועכטער אינ׳ם וויינגאָרטן, און ג־ט אַליין איז דער האַר....

קומט אָבער דער סאַטמאַרער רבי מיט אַ האַק און האַקט די וואָרצלען פון דעם הייליגן וויינגאָרטן!...

נאָר ווידעראַמאָל, לא אלמן ישראל: איז געקומען דער גוטער שליח און האָט אים אַרויסגעשלאָגן די האַק פון די הענט....

סאַטמאַר איז איבערגע׳פסק׳עט געוואָרן און איז געפונען געוואָרן בטעות.

ווי אַזוי זשע, פרעגט זיך, קען אַזאַ תלמיד חכם אַזוי פסק׳ענען געגן דין און געגן דער אומה?

די חכמים האָבן געלערנט: דער וואָס האַלט זיך גרויס, איז אויב ער איז אַ חכם, ווערט ביי אים צוגענומען די חכמה; אויב ער איז אַ נביא, ווערט ביי אים צוגענומען די נבואה.

מי לנו גדול פון הלל הזקן? דערציילט די גמרא: הלל הזקן איז געקומען פון בבל און האָט אויפגעלעבט די תורה, וואָס איז פאַרגעסן געוואָרן. די כהנים בני בתירה האָבן אים דעריבער געמאַכט פאַר נשיא און אים געזעצט אויבנאָן צו לערנען מיט זיי. און הלל איז געווען אַן אוהב שלום און רודף שלום. נאָר איינמאָל, ביים לערנען, האָט ער גענומען דערצערנען די בני בתירה. און באַלד האָט ער פאַרגעסן די הלכה. מ׳האָט אים געפרעגט אַ דין, און ער האָט מודה געווען, אַז ער האָט געוואוסט נאָר האָט פאַרגעסן....

דער סאַטמאַרער רבי איז טאַקע דער גרויסער למדן, נאָר ער איז אַ גרויסער בעל גאות און אַ בעל ריב. דער גרעסטער אין דעם דור. איז פון אים צוגענומען געוואָרן די חכמה און ער האָט פאַרגעסן ריכטיג צו פסק׳ענען. דערפאַר פסק׳נט ער אויף גאולה דעם דין פון גלות, און אויף גלות דעם דין פון גאולה.

אויפ׳ן פסוק אין בלק: „לא הביט און ביעקב ולא ראה עמל בישראל ה׳ אלקיו עמו״, זאָגט רש״י: הקב״ה קוקט ניט אויף די עבירות וואָס זיינען ביי יעקב, ווען זיי טוען ניט זיינע רייד זוכט ער ניט נאָך זיי, ער זאָל זיך צוקוקן צו שטאַרק אויף זייערע זינד און שלעכטקייט וואָס זיי זיינען עובר אויף זיין תורה, אַפילו ווען זיי דערצערענען אים און זינדיגן געגן אים קערט ער זיך ניט אָפּ פון זיי....

אַזוי איז דער אויבערשטער מיט אידן.

ניט אַזוי איז דער סאַטמאַרער.

דער סאַטמאַרער איז פרימער פון דעם אויבערשטן....

# רבי און שטן

צום צדיק ר׳ ישראל׳צע ריזשינער איז איינמאָל געקומען צו פאָרען אַ באַרימטער רב, אַ גרויסער מיוחס, אַן אייניקל פון אַ באַוואוסטן צדיק. ר׳ ישראל׳צע האָט אים אויפגענומען מיט גרויס כבוד, ווי ער איז זיך שטענדיג נוהג געווען מיט חשוב׳ע לייט, און ער האָט זיך שטאַרק נאָכגעפרעגט וואָס עס מאַכן זיינע בני בית, און וואָס עס הערט זיך עפּעס נייעס ביי אים אין שטאָט. דער גרויסער גאַסט האָט זיך באַלד גענומען קלאָגן אויף זיין שטאָט, אַז די פרומקייט איז דאָרט שטאַרק געפאַלן און אַז די יונגוואַרג איז געוואָרן הפקר און וואָס אַ טאָג דערווייטערט זי זיך אַלץ מער פון אידישקייט.

ר׳ ישראל׳צע, הערנדיג דידאָזיגע רייד, האָט זיך פּלוצלינג אויסגעדרייט צום גאַסט מיטן רוקן, איז מיט שנעלע טריט אַוועק פון אים און האָט מער מיט אים ניט גערעדט. חסידים האָבן עס געזען און האָבן זיך שטאַרק גע׳חידוש׳ט אויף זייער רבי׳ן: ס׳טייטש, זייער רבי זאָל אַזוי באַליידיגן אַזאַ חשוב׳ן רב, און נאָך אַ רבי׳אישן יחסן דערצו? און ר׳ ישראל׳צע איז דאָך שטענדיג געווען אַזוי אָפּגעהיט מיטן כבוד פון מענשן, אפילו פון אַ קינד. . . .

דער רבי האָט געזען, אַז די חסידים זיינען פאַרוואונדערט, מאַכט ער צו זיי:

איך וועל אייך דערציילן אַ מעשה . . .

ווען ר׳ לוי יצחק בערדיטשעווער איז געבאָרן געוואָרן — האָט ר׳ ישראל׳צע אָנגעהויבן — יענעם טאָג איז דער בעל שם טוב געזעסן מיט זיין הייליגער חבריא אין בית המדרש און מען איז געווען פאַרטאָן אין הימלישע זאַכן, פאַרשטייט זיך. פּלוצלינג האָט דער בעל שם טוב זיך געגעבן אַ שטעל אויף און אויף זיין פנים האָט אויפגעלויכטן אַ גרויסע שמחה, און באַלד האָט ער געהייסן שטעלן משקה. די גאַנצע חבריא האָט געטרונקען לחיים און מ׳האָט זיך משמח געווען גאָר אויפן רעכטן שטייגער, נאָר פרעגן דעם בעל שם טוב וואָס איז פּלוצלינג אַזאַ שמחה, ווער וועט זיך אונטערשטעלן?

דער בעל שם טוב האָט דערפילט אַז די חבריא וואונדערט זיך, האָט ער צו זיי געזאָגט:

זייט וויסן אַז נאָר־וואָס האָט מען אַראָפּגעשיקט פון הימל אַ ריינע און הייליגע נשמה, וואָס וועט זיין אַזאַ מליץ יושר און מלמד זכות אויף אידן, וואָס זיינס גלייכן איז נאָך ניט געווען צווישן צדיקים ביז היינטיגן טאָג.

און דער ריזשינער האָט דערציילט ווייטער:

אין דער אייגענער שעה איז אין הימל אויך געווען אַ גרויסע שמחה. די אויבערשטע מלאכים, מיטן מלאך מיכאל בראש, זיינען געקומען און האָבן זיך אַרומגעשטעלט אַרום דעם כסא הכבוד, כדי צו געבן אַ לויב און אַ שבח צום בורא עולם פאַר דער הייליגער מתנה וואָס ער האָט געגעבן צום פאָלק ישראל.

נאָר געקומען איז אויך דער שטן מקטרג, און האָט זיך אַריינגעגנב׳עט צווישן די מלאכים, און האָט זיך געשטעלט פאַר׳ן כסא הכבוד און גענומען טענה׳ן:

האַר פֿון אַלע וועלטן! דו האָסט באַשאַפן דעם מלאך מיכאל ער זאָל זיין אַ גוטער מליץ אויף דיין פאָלק ישראל, און דו האָסט באַשאַפן מיך, איך זאָל קריגן אויף אים. איך, דיין קנעכט, טו דיין ווילן: איך זוך אין לעכער און שפּאַלטן, און אַז איך דערזע עפּעס אַ חטא, פאַרזאַם איך ניט און ברענג אים גלייך פאַר דיר. טרעפט, אַז דער מלאך מיכאל ראַנגלט זיך מיט מיר און איז מיך גובר, און אַמאָל בין איך אים גובר. אָבער אַצינד אַז דו האָסט צום מלאך מיכאל צוגעגעבן אַזאַ שטאַרקן געהילף ווי ר׳ לוי יצחק, טאָ ווי אַזוי וועל איך ביישטיין געגן זיי ביידן? איז עס רעכט אַזוי? וואו איז יושר? נאָר איך וויים וואויל אַז ס׳איז פאַרפאַלן. דער ריכטער פון דער גאַנצער וועלט וועט ניט האָבן קיין חרטה און וועט ניט מבטל זיין קיין זאַך. האָב איך צו דיר אַ בקשה, האַר פון דער וועלט: מיין בקשה איז, אַז אין יעדן דור זאָלסטו מיר געבן צו הילף, און איבערגעבן אין מיין רשות, עטליכע רבי׳ס און רבנים, וואָס זאָלן מיר העלפן זוכן חטאים אויף דיין פאָלק ישראל.

איר האָט געהערט — האָט דער ריזשינער פאַרענדיגט זיין מעשה — ווי אַזוי דערדאָזיגער רב האָט אויסגערעדט אַלדאָס בייז אויף די אידן פון זיין שטאָט: ער איז פון די רבנים און רבי׳ס וואָס אַרבייטן פאַר׳ן שטן. אָבער איך בין זיכער אַז ר׳ לוי יצחק בערדיטשעווער און אַנדערע גוטע פירשפּרעכער וועלן, מיט׳ן אויבערשטנ׳ס הילף, מנצח זיין אַלע געגנער און אויך די רבי׳ס און רבנים וואָס זוכן חטאים אויף אידן. . . .

